Pinski, David.
Yenkel der shmied :
a pyese in 4 akten.
Varsha, [1912 or 1913].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1908.3

**Pinski, David, 1872-1959.**
Yenkel der shmied : a pyese in 4 akten. Varsha : ha-Shahar, 673 [1912 or 1913].
105 p.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw.

ID : NXYH01-B17622 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /86557

Reduction ratio X10.0



דוד פינסקי.

# יענקעל דער שמיעד.

פערלאג „השחר“.

ווארשא.

דוד פינסקי.

# יענקעל דער שמיעד.

א פיעסע אין 4 אקטען.





פערלאג „השחר".

ווארשא, תרע"ג.

# פֶּערְזָאנֶען:

יאַנקעל דער שמיעד.
שמחה דער בעל-עגלה, זיין פאָטער
מאַריאַשע, זיין מוטער.
טאַמאַרע.
פרומע, איהר מומע.
ר׳ אהרן, פרומעס מאַן.
רבקה.
רפאל, דער וואָלאָרניק, איהר מאַן.
חיה פעשע, אַ שדכנ׳טע און אַ מעקלערקע.
אַ בעל-עגלה.
מיידלעך.



דער „וואַלי" בײַ פֿרומען, שבת פֿאַר נאַכט בין מנחה למעריב, בעלי הבית'ס, שלאַפֿצימער און וואָס אין יאָהרען. אין דער הינטערסטער וואַנד צוויי פֿענסטער, אויף וועלכע עס שטעהען וואַזאָנעס מיט בלומען און צווישען וועלכע עס געפֿינט זיך אַ גרויסע פּליושענע סאָפֿע מיט צוויי פֿאָטערשטולען פֿון ביידע זייטען. בײַ דער לינקער וואַנד אַ ציראַטענע קאָנאַפּע מיט אַ טיש פֿאַר איהר, וועלכער איז איבערגעדעקט מיט אַ רויטען טישטוך, פֿון ביידע זייטען קאָנאַפּע־שטולען, אין מיטען פֿון דער רעכטער וואַנד אַ שיר מיט אַ גרויסען ספרים־שלמער נאָך הינטען און אַ שענער פֿאָטערשטול נאָך פֿאָרנט, די וואַנד זענען באַקלעפּט מיט בראַונע אָבאָיעס, און איבער די סאָפֿאַס הענגען בילדער פֿון פֿערשיעדענע גרויסע אידען און איבער דעם שלמער הענגט אַ זייגער. אין מיטען צימער הענגט אַ קאַנדעליאַבר־לאַמפּ. די פֿאָדלאָגע איז ריין געוואַשען, באַדעקט מיט אַ פּאָר לויפֿערס.

---

פֿרומע (זיצט בײַם לינקען פֿענסטער אין אַ פֿאָטערשטול מיט'ן טײַטש־חומש אין די הענד מיט ברילען אויף דער נאָז און לייענט שטיל פֿאַר זיך, באַלד קומט אַרײַן חיה פּעשע מיט דער „קאַטינקע" אויף איין אָרעם).

חיה פּעשע: אַ גוט שבת אײַך, פֿרומעטשקע. (פֿרומע מאַכט אַ באַוועגונג ווי צו דערלייגען אויף גיך ביז סוף שורה).

חיה פּעשע: די טיר איז אָפֿען. און קיינער איז בײַ אײַך ניטאָ. אין די אַנדערע חדרים. מע קאָן דאָך צוטראָגען די גאַנצע שטוב.

פֿרומע (הויבט אויף איהר אויף די אויגען, דערקענט זי עפעס נישט צוערשט, כאפט זיך אבער גלייך): א חיה פעשע! א גוט שבת, א גוט יאהר! איך האב מיך פערלייענט, האב איך נישט געהערט, ווי איהר זייט אריינגעקומען (טוט אויס די ברילען און לעגט זיי ארײן אין דעם טייטש-חומש, וועלכען זי מאכט צו).

חיה פעשע (זעצט זיך אויף א שטול נעבען פֿרומען): וואס מאכט איהר עפיס, פֿרומעטשקע? איך האב אייך טאקי שוין לאנג נישט געזעהן, שוין טאקי עפיס א שאק מיט יאהרען.

פֿרומע: און אצינד האט איהר שוין מסתמא עפיס פֿאר יענטע דוואשען? אייך פֿערדריסט, וואס איך האב שוין לאנג קיין צרות נישט געהאט מיט א דיענסט?

חיה פעשע: זעהט איהר... און אז איך וואלט געהאט עפיס פֿאר איהר, וואלט אויך קיין אחריות נישט געוועזען; וואס איז, זי איז קיין אידישע טאכטער נישט? זי איז א אידישע טאכטער און מוז חתונה האבען, און אייך וואלט איך שוין געפֿונען אנ'אנדער דיענסט.

פֿרומע: א דאנק אייך פֿאר דער טובה, זי האט נאך צייט, עס ברענט נאך ביי איהר נישט אזוי, ניש-קשה, זי איז נאך א יונג מיידעל.

חיה פעשע: און אינגערע ווילען דען נישט חתונה האבען? א מיידעל, ווי זי קומט נאר אביסעל צום שכל, וויל זי חתונה האבען.

פֿרומע: ווי איהר זעהט מיך לעבען, אז איך וועל מיך צוקריגען מיט אייך דערפֿאר. וואס איז דאס פֿאר אנ'אופן?...

חיה פעשע: העהע-העהע, געזונד זאלט איהר מיר זיין! אבער ווי איז די מעשה, אז איך בין גאר נישט געקומען צו אייך וועגען יענטע דוואשען?

פֿרומע: נישט וועגען יענטע דוואשען?

חיה פעשע: איך וועל זאגען, ווי איהר זאגט: יענטע דוואשע האט נאך צייט. אמאל איז קיין מיידעל נישט צו יונג געוועזען, היינט איז קיין מיידעל נישט צו אלט. ניש-קשה, זי קאן נאך אבוזען ביי אייך א פאר יאהר, אויב איהר ווילט זי נאר האלטען.

פֿרומע: איז אז נישט וועגען יענטע דוואשען...

חיה פעשע: טאר איך גאר צו אייך נישט קומען אין גוטען מוט? דארף דאס דוקא זיין א דיענסט אדער א שידוך פֿאר דער דיענסט?

פֿרומע: איך מיין... איך האב געמיינט... איהר זייט ביי מיר אנ'אנגעלעגטער גאסט... אבער געוועהנליך, אז איהר קומט...



חיה פעשע: איז קיין אנדער כלה-מיידעל האט איהר גאר נישט אין שטוב?

פֿרומע (קוקט זי אן מיט פֿערוואונדערונג): טאמארע?! איהר מיינט מיין טאמארען?

חיה פעשע: וואונדערט איהר זיך הייסט דאס, וואס חיה פעשע די מעקלערקע, א שדכנ'טע צווישען דיענסט-מיידלעך, זאל קומען רעדען א שידוך אייער פלימעניצע? א העזה אביסעל, וואס?

פֿרומע: אוי, מיט אייך צו רעדען דארף מען דאך עפיס גאר...

חיה פעשע: שעמט אייך נישט, איהר מאגט עס זאגען, איך וועל מיך נישט בעליידיגען. ווארום אין ד'ר'אמת'ן וואלט מיר נישט ארויפֿ-בעקומען אויפֿ'ן קאפ אפילו, צו קומען צו אייך מיט א שידוך פֿאר אייער פלימעניצע. וואס האב איך דא וואס צו לייקענען — מיין סחורה איז נישט פֿאר איהר, מיין סחורה איז פֿון א גאנץ ביליגען סארט. איך חיים גאנץ גוט, אז וואס עס איז גוט פֿאר א יענטע דוואשען, איז נישט גוט פֿאר פֿרומע ר' אהרן'ס א פלימעניצע, כאטש אנ'ארימע יתומה.

פֿרומע: און יעצט האט זיך ביי אייך עפיס געמאכט פֿאר איהר?

חיה פעשע: ביי מיר אליין האט זיך גארנישט געמאכט. מיר אליין וואלט דאס אפילו אין חלום נישט איינגעפֿאלען.

פֿרומע: אבער איהר זייט'אך געקומען מיט א שידוך פֿאר איהר?

חיה פעשע: ווי זאל איך אייך זאגען? דער שידוך איז נישט מיינער, מיר איז ער נישט איינגעפֿאלען.

פֿרומע: אוי, קרוינעלעך מיינע, זעה, אז מיך ארט נישט, וועמען ער איז איינגעפֿאלען.

חיה פעשע: פֿערשטעהט איהר מיך, דאס טרעפֿט זיך מיר צום ערשטען מאל אין מיין לעבען. וואס זאל איך אייך זאגען? איך האב דאך שוין א סך זאכען איבערגעהאט אויף מיין לעבען, אז איך זאל געמען אלץ אויסדערצעהלען, וואס איך האב איבערגעהאט אויף מיין לעבען, וואלט איך געדארפֿט נאך אמאל אזויפֿיעל לעבען. אז איך זאל נאר האבען צייט דאס איבערצודערצעהלען. אבער אזא זאך טרעפֿט זיך מיר צום ערשטען מאל.

פֿרומע: קרוינעלעך מיינע, הערצעלעך מיינע! מע וועט שוין

באלד קומען פון מעריב. און איך קאָן נאָך גאָר פון אײַך קײַן טאָלק ניִשט דערגעהן.

חיה פעשע: וואָס איז דאָ צו דערגעהן אַ טאָלק? וועט'ן קומען פון מעריב, וועט'ן אָנצינדען ליכט און מ׳ וועט ווײַטער רעדען. — איז אײַער פּלימעניצע גאָר אין דערהײם ניִשטאָ?

פרומע: זי איז אַוועק אויפ׳ן בולוואַר. נאַ, און אָהן איהר הײסט דאָס, ווילט איהר מיר ניִשט זאָגען, ווער, וואָס, וועמען.

חיה פעשע: ווי הײסט, איך וויל ניִשט? אַ ודאי וויל איך, און איך וועל עס אײַך טאַקי זאָגען.

פרומע (אין כעס): ווײסט איהר נאָר וואָס? טשעפּעט זיך גאָר פון מיר אָב! איהר נודיעט מיר דאָך עפּיס אַרויס די נשמה. ווילט איהר רעדען, טיק רעדט, אַז ניִשט, אַרט מיך אויך ניִשט. איך וועל דאָך פון אײַך קריגען אַ קאָפּוועהטאָג.

חיה פעשע: אוי, פרומעטשקע, ווער עס ווינשט אײַך אַ קאָפּוועהטאָג, זאָל איהם אַלײן האָבען אויף דאָס גאַנצע לעבען. איהר דאַרפט אָבער אויף מיר ניִשט אין כעס ווערען. אַז איהר זאָלט וויסען די גאַנצע מעשה, וואָלט איהר אָסור אין כעס געוואָרען אויף מיר, וואָס איך דרעה אײַך כלומר׳סט אַ קאָפּ. בקיצור, אַז איהר זאָגט מיר צו, אַז איהר וועט אויף מיר ניִשט אין כעס ווערען, וועל איך מיט אײַך רעדען אָפענע דיבורים.

פרומע: וואָס זאָל איך עפּיס אין כעס ווערען אויף אײַך? מיר וועט דער שידוך ניִשט געפעלען, וועל איך זאָגען נײן, און אויס געשעפט. אַבי רעדט.

חיה פעשע: איהר דאַרפט אָבער וויסען, אַז ניִשט איך האָב דעם שידוך אויסגעטראַכט. מ׳ האָט מיך געשיקט, פערשטעהט איהר מיך. איך וויל, איהר זאָלט דאָס וויסען: מ׳ האָט מיך געשיקט. מיר וואָלט קײנמאָל ניִשט אײַנגעפאַלען...

פרומע: זעהט, ווי איהר האָט מורא צו זאָגען, ווער דער חתן איז. איהר ווילט׳אָך איהר ניִשט רעדען אַ שידוך מיט אײן אַנטלאָפענעם אָסטראָזשניק?

חיה פעשע: זאָל גאָט אויסהיטען! וואָס מײנט איהר עפּיס, און איך קען זיך דאָס מיט אַנטלאָפענע אָסטראָזשניקעס? מײַן סחורה איז אפילו פון ביליגען סאָרט, אָבער ניִשט קײן אַנטלאָפענע אָסטראָזש-



ניקעס. און איך וויל איהר בכלל גאָרניִשט רעדען! מ׳ האָט מיך געשיקט, בין איך געגאַנגען.

פרומע: טיק זאָגט-זשע מיר, ווער האָט אײַך געשיקט! וואָס דרעהט איהר מיר אַ קאָפּ, וואָס?

חיה פעשע: ווער זאָל דאָס זײַן? אָט די געראָטענע סחורה... דער שמיד... יאַנקעל דער שמיד...

פרומע: ווער? יאַנקעל דער שמיד? אָט דער...?

חיה פעשע: יאָ, יאָ, ער, ער אַלײן. דער פײַנער חברה-מאַן, איז געקומען צו לויפען צו מיר אַ פערסאָפּעטער, איך זאָל שוין געהן צו אײַך און רעדען דעם שידוך. איך האָב איהם געוואָלט אָנשפּײַען אַ פולע צורה. ווי הײסט, זאָג איך צו איהם, וואָס ביזטו משוגע געוואָרען? פעהר פעהלט דיר שוין גאָרניִשט? רב אהרנ׳ס פּלימעניצע דוקא, אַן אַנ-דערע שטעהט דיר ניִשט אָן? — אַזוי האָב איך איהם געזאָגט, ווי איהר זעהט מיך לעבען, וואָס? איך וועל מיך עפּיס שעמען פאַר איהם? אַ ביזטו גאָר געקומען אויף דאַרויף? האָב איהם געזאָגט. דו ביזט אַזאַ און אַזאַ, דו ווײסט׳אָך. וואָס דו ביזט, האָב איך איהם געזאָגט, און זי איז אַזאַ כשר קינד, אַזאַ טײַער קינד, אַזאַ גאָלדענער נפש?!... זאָגט ער צו מיר: איהר געהט, וואָס אַרט אײַך. אַז אָבזאָגען, זאָלען זיי מיר דאַרטען אָבזאָגען, ניִשט איהר. דאָס איז ניִשט אײַער געשעפט. זאָג איך צו איהם: ווי הײסט, איך וועל געהן? איך זאָל געהן און מ׳ זאָל מיך אַרויסוואַרפען פון אַלע טירען? מ׳ וועט מיך דאַרטען דאָך ווײַס ניִשט וואָס. און זיי וועלען זײַן גערעכט. אַזוי האָב איך איהם געזאָגט. גאַנץ פשוט. וואָס האָב איך וואָס מורא צו האָבען פאַר אַזאַ שטיק גאָרניִשט? ענטפערט ער מיר: איהר געהט נאָר, איך וועל אײַך גוט בעצאָהלען פאַר אַלץ. און אַז מ׳ וועט אײַך דאַרטען צו פּלעטען דעם מוח, בין איך דאָך עפּיס אַ שמיד, וועל איך אײַך שוין מאַכען גאַנץ. וויל איך דאָך אויסזי-פען צו איהם אַלע בײזע חלומות, מאַכט ער קײן טענות ניִשט און גאַכט אויף מיר אַרויף מײַן „קאַטינקע" און שטופּט מיך אַרויס פון שטוב און ברײַנגט מיך אויש ביז אַהער. נו, וואָס זאָגט איהר דערצו? ביז׳ן בריקעל האָט ער מיך צוגעפיהרט, און איך בין אַ בעלן צו וועטען, אַז ער שטעהט דאָרטען אַצינד און וואַרט.

פרומע: זעהט, האָט מען ניִשט אָנגעצונדען אין בית-מדרש קײן ליכט?

חיה פעשע: אַ ודאי האָט מען דאָס אָנגעצונדען.

פרומע: דאַרף מען שוין אויך אָנצינדען. (הויבט אָן צו זאָגען „גאָט פון אברהם".

חיה פעשע: אוי, אַז איהר האָט מיך נאָך נישט אַרויסגעטריבען, איז דאָך דאָס עפּיס אַ שטיקעל נס, אוי, איך וואָלט עפּיס איצטער אַ גאַנצען תהלים אָבגעזאָגט! (זאָגט אויך) „גאָט פון אברהם".

פרומע (געהט אַרויס, ברענגט אַריין אַ שוועבעלע, רייבט זי אָן און צינד אָן די הענגלאָמפּ) אַ גוטע וואָך!

חיה פעשע (ענדיגענדיג די תפלה): אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָהר, עס זאָל עפּיס זיין אַ מזל'דיגע וואָך, אַ פרעהליכע וואָך... איך ווייס, אפשר... אבי איהר האָט מיך נישט אַרויסגעטריבען, איז... איך ווייס?

פרומע (עוסק'נדיג זיך מיט דער לאָמפּ, וועלכע וויל עפּיס נישט גוט ברענען): איך בין אפילו נישט קיין גוטע, אָבער אַרויסטרייבען האָב איך נאָך קיינעם נישט אַרויסגעטריבען.

חיה פעשע: אַז איך זאָג אייך, עס האָט אויף מיר געציטערט די הויט. ווען ער וואָלט מיך נישט געשטופּט אַהער מיט געוואַלט, אַז אָסור אויב איך וואָלט געגאַנגען.

פרומע: וואָס איז ער משוגע געוואָרען? וואָס האָט זיך איהם מיט אמאָל פערוואָלט טאַמאַרע?

חיה פעשע: זאָל איך אַזוי וויסען פון איהם. ער האָט מיר עפּיס געזאָגט? איך האָב דאָס איהם אויך געפרעגט, האָט ער מיר דען געענטפערט? איך האָב איהם אָנגעהויבען איינצורעכענען פערשיעדענע כלות, מיידלעך פון זיינס גלייכען, איך ווייס, ישראל דעם קצב'ס מיידעל, אפרים דעם שניידערס, מיכאל דעם שוסטערס. ענטפערט ער מיר, אַז די מיידלעך קאָן ער אַליין קריגען, צו זיי דאַרף ער מיך נישט האָבען. טיק קריג זיי דיר, זאָג איך איהם, וואָס האָט דיר אָנגעטפּאַרט דווקא רב אהרנ'ס פלימעניצע? האָט ער מיר דען געענטפערט? ער האָט מיך גע־שטופּט! ער האָט מיך אַזוי אַ נעם געטהון פאַר דער האַנד, איז אַז ער האָט זי מיר נישט איבערגעבראָכען, איז טאַקי אַ נס מן השמים.

פרומע: ער איז דאַכט זיך אַ גרויסער פערדינער?

חיה פעשע: צו איז ער אַ פערדינער? העע-העע! ווען ער וואָלט נאָר נישט געוועזען אַזאַ טאָלטיק. ווער וואָלט דען געוועזען צו איהם גלייך? יענער איז שטענדיג פערוואָרפען מיט אַרבייט. וואָלט ער נאָר אַזאַ מענש געוועזען, ווי אַ ווייב וואָלט שוין פאַר איהם געגעסען ברויט מיטן פולען מויל.



פרומע: און אַזאַ חברה־מאַן וויל דאָך מסתמא נדן אויך?

חיה פעשע: פון וועמען? פון אייער פלימעניצע? אַ קאָפּקע נישט. אַזוי האָט ער געזאָגט. ווי זי שטעהט און געהט, וויל ער זי נע־מען. אפילו קיין חתן־מתנות וויל ער נישט. דערפאַר אָבער וועט ער איהר אָנקויפען...

פרומע: זיין טאַטע איז, דאַכט זיך... וואַרט, אויב איך האָב קיין טעות נישט...

חיה פעשע: ווער זאָל זיין זיין טאַטע? ער שטאַמט נישט אָב פון אַזאַ גרויסען יחוס. זיין טאַטע איז שמחה דער בעל־עגלה.

פרומע: אַ שיינער יחוס. נישטאָ וואָס צו זאָגען.

חיה פעשע: הערט, אָט דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס רעד האָב איך אַזוי מורא געהאַט צו געהן צו אייך? איהר דאַרפט וויסען, אַז איך בין גאָר קיין שרעקעדיגע נישט, אָבער מי דאַרף דאָך וויסען, וואו דער חמור שטעהט.

פרומע: און וואָס איז ער אַזוי פאַר אַ מענש?

חיה פעשע: וואָס זאָל ער זיין פאַר אַ מענש? איהר האָט'אָך מסתמא געהערט? אַ טרינקער, אַ... אָבער זעהט נאָר, פרומעטשקע, געזונד און שטאַרק זאָלט איהר מיר זיין, איהר פרעגט זיך פערנאַנדער, אַקוראַט ווי איהר וואָלט טאַקי... זעהט נאָר, איך בעט אייך, אויב אַזוי, טאָ לאָ'מיר טאַקי רעדען קלאָרע דבורים. וואָס, איהר ווילט טאַקי, איך זאָל אייער פלימעניצע רעדען דעם שידוך?

פרומע: וואָס הייסט, איך וויל? וואָס האָב איך דאָ וואָס צו וועלען? זי איז עפּיס מיין טאָכטער? איך גיב איהר עפּיס נדן? זי איז אַ יתומה און אויף זיך אַליין אַ בעל־הבית'טע, און וואָס זי וועט וועלען, וועט זי טהון. און אַז איך וועל נישט וועלען, איז וואָס? זי איז שוין קיין נפליע נישט...

חיה פעשע: זעהט אַ טשעקאַוועס, האָט זיך מיר גאָר ווען גע־חלומ'ט, אַז איך זאָל ביי אייך פערדינען שדכנות?

פרומע: ביי מיר וועט איהר סיי־ווי־סיי קיין שדכנות נישט פער־דינען. ערשטענס אַוועק. שדכנות זאָל ער אייך שוין בעצאָהלען.

חיה פעשע: איך מיין טאַקי —

פרומע: און צווייטענס, וואַרט־זשע אויס. ביז איהר וועט הע־רען, וואָס זי וועט אייך זאָגען.

חיה פעשע: ווי הייסט? אַ נאַר וועט זי זיין, ווען זי וועט זיך

ניִשט אָנכאַפּען מיִט בּיידע הענד. וואָס מיינט איהר, אועלכע תּתנים וואַלגערן זיִך עפּיס איִן די גאַסען? שיין איִז ער דאָך, אז מיִ קאָן זיִך אין זיין פּנים ניִשט איינקוקען וויִ איִן דער זון. דאָס האָב איִך דאָך אייך ניִשט וואָס אָבּצוּמאָלען, איִהר האָט'אָך מסתּמא געזעהן. שען און געזונד, בּלוט און מיִלך, אז א חיות אויף איִהם צו קוקען. זיי וועלען דאָך אַלע זיין כּפּרה. און א גוטער איִז ער — מדינות אויסצופאָהרען. וואָס ער פערדיִענט, צוטיילט ער דאָך...

פ ר ו מ ע: הייִנט וואו נעמט ער אויף צו טריִנקען?

ח י ה פ ע ש ע: צו טריִנקען! איִהר מיינט, ה'ר'אסת'ן, ער איִז דאָס דער גרויסער שכּור? וואָס איִהם פעהלט נאָך צו א גרויסען שכּור, זאָל דאָס צוקומען אונזער פאָליצמייסטער, דעם צורר. אט גלאַט. א פערדיִענער איִז ער, און קיין ווייב און קיין קינדער האָט ער אויף זיִך ניִשט. איִז ניִמ ער זיִך אמאָל א לעב. אט, ער וועט חתונה האָבען...

פ ר ו מ ע: וואַרט, איִז ניִשט עמיִץ אריין איִן שטוב? (זי געהט צו דער טיִר). טאַמאַרע, דו?

ש ט י מ ע (פון א צווייטען ציִמער): יאָ.

פ ר ו מ ע: קום אהער אריין אויף א ווייִלע.

ד י ש ט י מ ע: גלייך.

פ ר ו מ ע (הויבּט אָן אומצוגעהן איִבער'ן ציִמער, — שווייגען).

ט א מ א ר ע (קומט אריין, פערריִכטענדיִג מיִט די הענד איִהרע האָר): גוט וואָך.

פ ר ו מ ע: גוט יאָהר.

ח י ה פ ע ש ע: אט איִז זי טאַקי אליין. א גוט וואָך, א גוט יאָהר אייך, טאַמאַרעטשקע!

ט א מ א ר ע: וואָס עפּיס: „אט איִז זי אליין"?

ח י ה פ ע ש ע: מסתּמא האָט'ן גערעדט פון אייך.

ט א מ א ר ע: גוטס? שלעכטס?

ח י ה פ ע ש ע: שלעכטס. אַלץ הייסט, שלעכטס. מע האָט אייך קיין איין גאַנץ בּיינדעל ניִשט געלאָזען. האָט אייך גאָר איִן די אויערען ניִשט געקלונגען?

ט א מ א ר ע: איִך האָב מיִך ניִשט צוגעהערט.

ח י ה פ ע ש ע: אויפ'ן בּולוואַר זענען די אויגען אזוי פערנומען, אז מיִ פערגעסט די אויערען. אָבער ווען איִהר וואָלט געוואוסט, וואָס מיר האָבען דאָ גערעדט, וואָלט איִהר זיִך שוין צוגעהערט.



ט א מ א ר ע: אפשר יאָ און אפשר ניִשט.

פ ר ו מ ע: זי איִז דיר געקומען רעדען א שידוך — און הייסט, מיִט וועמען?

ח י ה פ ע ש ע: געזונד זאָלט איִהר מיר זיין, פרומעטשקע, איִהר קאָנט קיין שדכנ'טע ניִשט זיין. דאָס לאָזט שוין מיִך. מיר וועלען רעדען, וועלען מיר זיִך דערדערעדען, וואָס גלאַט נעמען און ארייִנפאַלען וויִ א יאָוועען איִן דער סוכּה? אז מען זאָגט א מיידעל: איך קום דיר רעדען א שידוך, קאָן זי גאָר כאַפּען און אנטלויפען. ווארום שייכות צו זאָגען, וועלכע מיידעל וויל דאָס חתונה האָבען? זיי שעמען זיִך גאָר צו הערען וועגען אזעלכע זאַכען.

ט א מ א ר ע: נו, אז איך בּין ניִשט אנטלאָפען, מאָגט איִהר דאָך מאַכען אביסעל בּקיצור.

ח י ה פ ע ש ע: בּקיצור! שייך, בּקיצור? מיר שטעהען דאָך ניִשט אויפ'ן פּראָסט. ~~אט, לא'מיר עס מאַכען, וויִ צווישען אונז יודענעס פיהרט זיך — טאַקע מיִט נייען מאָס רעד~~.

ט א מ א ר ע: ווען איִך וואָלט געוואוסט, וואָלט איִך שוין בּעסער געבּליבּען אביסעל לענגער אויפ'ן בּולוואַר.

פ ר ו מ ע: לענגער נאָך? וועניג זיִך אָנגעשפּאַציִערט? דער פעטער קומט גלייך פון מעריב און מע דאַרף אויפשטעלען דעם סאַמאָוואַר. יענטע דוואָשע פערגעסט'אָך אייך, אז זי דאַרף קומען אַהיים.

ט א מ א ר ע: וועל איִך געהן אויפשטעלען דעם סאַמאָוואַר.

ח י ה פ ע ש ע: ניין, איִהר הערט זיִך שוין אויס. דער סאַמאָוואַר וועט ניִשט אנטלויפען, און דאָרטין קאָן זיין שטעהט א מענש און וואַרט. ווארום איִהר דאַרפט וויִסען, אז מיִ האָט מיִך געשיִקט אַהער. מיִט גע־וואַלט גענומען און ארויסגעשטופּט מיִך אהער — אזוי האָט עס יענעם אָנגעשפּאַרט צו האָבּען אייך פאַר א כּלה.

פ ר ו מ ע: בּקיצור, דאָס איִז יענקעל דער שמיעד...

ט א מ א ר ע: ווער?!

פ ר ו מ ע: יענקעל דער שמיעד, און זאָל זיין א מעשה מיִט א סוף. קענסט'אָך איִהם, האָסט'אָך מסתּמא וועגען איִהם געהערט, איִז גע־פעלט ער דיִר, זאָג יאָ, און זאָל זיין מיִט מזל; געפעלט ער דיִר ניִשט, טאָ זאָג ניין, און געה און שטעל אויף דעם סאַמאָוואַר.

ח י ה פ ע ש ע: אָבער פרומעטשקע, טייערינקע, הארציִנקע, איִהר קאָנט'אָך מיר אזוי קאַליע מאַכען דעם גאַנצען שידוך.

פרומע: איך האב פיינט, אז מי באלאקעט גלאט אזוי. וואס איז דא פאראן צו רעדען מיט קונצען? ווי איז קיין קינד נישט, זי וויים גאנץ גוט, אז חיים סימען'ס זוהן וועט זיך צו איהר נישט שדכנען, און פאליאקאוום אויך נישט, און א רויטשילד אוודאי נישט, איז ניטא וואס צו רעדען. א יתומה אהן נדן האט זיך נישט וואס איבערצונעמען. און אז מיך ארט נישט דער יחוס...

טאמארע (וועלכע איז געשטאנען די גאנצע צייט ווי פערגליווערט, רעדט קוים ארויס): יא, דער עיקר זייט איהר, דאס וויים איך.

פרומע: וואס הייסט, דער עיקר בין איך? וואס ווייסטו? וואס? — דו זאג נאר מיר וואס וועט זיין דער סוף פון דיין זיצען ביי מיר? וואס וועט זיין דער תכלית? וואס וועסטו אויסזיצען? איך האב עפים פון וואגען דיך אויסצוהאלטען?

טאמארע: אז איך האב צו אייך קיין טענות נישט.

פרומע: א דאנק דיר דערפאר, האסט נאך געדארפט צו מיר טענות האבען! איך פרעג דיך מעהר נישט, ווי לאנג וועסטו נאך זיצען אזוי ביי מיר אויפ'ן קארק? איז אז עס קומט איינער און וויל דיך נעמען ווי דו שטעהסט און געהסט, איז ניטא וואס איבערצוטראכטען.

חיה פעשע: ווי איהר שטעהט און געהט. וויל ער אייך נעמען ווי איהר זעהט מיך לעבען. און מתנות האט ער צוגעזאגט און וואס ווילט איהר נישט. עס האט איהם אזוי אנגעכאפט, אז ער האט מיך מיט נוואלט געשלעפט אהער. אקוראט ווי איהר וואלט איהם עפים אונטער־געגעבען ליובביזניק. ביז'ן בריקעל האט ער מיך דאך צוגעפיהרט, און איז געבליבען שטעהן און היטען, צו וועל איך ארײן צו אייך. ער שטעהט דארטין נאך אוודאי און ווארט, ביז איך וועל ארויסקומען צוריק.

טאמארע (געהט צו מאשינעל צום לינקען פענסטער און קוקט ארויס אין גאס).

חיה פעשע: וואס, מע זעהט איהם דארטין? ס'איז פינסטער. אז נישט, וואלט איהר איהם שוין מסתמא דארטין געזעהן.

טאמארע (קערט זיך אב פון פענסטער): געהט, זאגט איהם, אז...

חיה פעשע: אז—אז—אז?...

טאמארע (שטיל): אז — — גוט.

חיה פעשע (איבערראשט, גיט א פאטש מיט די הענד): גאטוניו, טאטעלעך, זעהט נור, אוי, איך גלויב דאך נאר מיינע אויערען נישט!

פרומע: איך מיין, דו דארפסט דיר גוט איבערלעגען. נויטען



צוים איך דיך דאך נישט. דו ווייסט'אך אוודאי, וואס פאר א מענש ער איז?

טאמארע: וואס מאכט עס אויס, מומע, וואס האט איין ארימע יתומה וואס איבערצולעגען?

פרומע: זעה, טו נאר א קוק, וואס בין איך אויסען געוועזען מיט די ווערטער?

טאמארע: איך האב צו אייך גארנישט, מומע.

פרומע: און אז דו האסט יא צו מיר עפים, מיינסטו, ארט מיך א סך?

טאמארע: איז אוודאי נישטא וואס צו רעדען.

פרומע: די גרויסע דעות, וואס דו האסט געהאט פון מיר! ווייניג דיך נאך אויסגעהאלטען!

טאמארע: ווער האט אייך ווען עס איז וואס געזאגט?

חיה פעשע: אוי, קרוינעלעך מיינע, זעהט נור, איך בין דאך עפים געבליבען זיצען ווי א ליימענער גולם! וואס זיץ איך, וואס? איך דארף דאך לויפען צו איהם. איז זאל איך איהם טאקע זאגען?

טאמארע: איהר'ט'אך געהערט וואס.

חיה פעשע: אוי. ער וועט'אך מיר אנטון א גאלדענע קרוין! איז הייסט עס קאן ער קומען נאך היינט, זאגען מיר, צו א קנין?

פרומע: וואס איז די איילענים? איילען זיך איז נישטא וואס.

חיה פעשע: וואס איז דא פאראן וואס אבצולעגען? אז אויב יא, פאר וואס טאקי נישט גלייך א קנין? אוי, רבונו של עולם, אוי, וואס אלץ קאן זיך מאכען! אוי, איך וועל דאך לויפען צו איהם, ווי שדים וואלטען מיך געטריבען. אוי... א גוטע וואך אייך דערווייליע! (איילט אוועק).

פרומע: וואס איז דא טאקע געוועזען פאר אן איילענים?

טאמארע: איך געה אויפשטעלען דעם סאמאוואר.

פרומע: וואס ביזטו מיר אזוי אנגעבלאזען? אקוראט אין ד'ר'־אמה'ן, ווי איך וואלט דיך עפים געצוואונגען.

טאמארע (געהט צו דער טיר).

ר' אהרן (קומט ארײן): גוט וואך. וואס איז עפים פינסטער אין סטאלאווע? און ווער איז דאס ארויסגעלאפען פון שטוב ווי א משוגענע?

פרומע: חיה פעשע די מעקלערקע. (צו טאמארען) געה ברענג ארײן צו מאכען הבדלה.

טאַמאַרע (גייט אַרויס).

פרומע (דעקט אויף אַ ברייט טיש): קאָנסט שוין אָפּגעבען טאַמאַרען אַ מזל טוב. חיה פּעשע איז דאָ געוועזען אַ שידוך רעדען איהר — דער חתן האָט זי אַליין געשיקט, און אונזערע איז מוסכם געוואָרען.

רב אהרן: נו, זאָל זיין מיט מזל. ווער איז דער חתן?

פרומע: דער חתן איז אפילו נישט אַזאַ אַנטיקעל, נור מילא, אַבי זי וויל איהם.

טאַמאַרע (קומט אַריין מיט אַ פלעשעל רויטען וויין, אַ בעכער, אַ הדס'ל און דער הבדלה).

רב אהרן: ווער איז ער?

פרומע: אַט מאַך אָב אַפּריער הבדלה.

רב אהרן: וואָס האָסטו מורא אָנצורופען מיר דעם חתן?

טאַמאַרע: יאַנקעל דער שמיד.

רב אהרן: ווער? ווער, האָסטו געזאָגט? יאַנקעל?!

טאַמאַרע: איז וואָס האָט איהר אייך אַזוי דערשראָקען, פעטער? אייך שטעהט אָפּשר דער יחוס נישט אָן?

רב אהרן: אָט מיט דעם?... מיט איהם?... ער איז דאָך... מסתמא לצנות! (קוקט אויף פרומען).

פרומע (בייז): נישט קיין לצנות! נישט קיין לצנות! מאַך הבדלה, מאַך! ווי לאַנג וועל איך נאָך וואַרטען?

רב אהרן (גיעסט אָן וויין אין בעכער): איך וועל אייך נישט גלויבען, אַז איהר וועט מיר אפילו איך וויים נישט וואָס.

טאַמאַרע: איהר וועט שוין גלויבען, פעטער, אַז ער וועט באַלד קומען אַהער. וואָס איז, ער געפעלט אייך אפשר נישט? מיר געפעלט ער זעהר שטאַרק, און דער מומען אויך.

רב אהרן: ער איז דאָך... נו, אַה... איהר האָט דאָך געמאָגט אַפּריער פרעגען ביי מיר אויך. וואָס איז דאָס געוועזען פאַר אַן איילעניִם?

פרומע: מאַך שוין הבדלה, מאַך. דו וועסט שוין דערדערען שפּעטער. ~~האָב מיך ביי איהר גישט געפרעגט, וואָס איז די איילעניִם?~~

רב אהרן: אַה, נו... ווי טוט מען עפּיס אָב אַזאַ זאַך? ער איז דאָך... וועה, אַה... הנה אל ישועתי... (מאַכט הבדלה, אונטערברעכענדיג זיך אָפט מיט אונצופריעדענהייטס-און פערוואונדערונגס-אויסרופען. נאָך דער הבדלה ווינשען זיי זיך אַלע צו אַ „גוט-וואָך").



רב אהרן: אַה... ד'מיין... האָסט געהערט אַ חתן? יאַנקעל דער שמיד!

טאַמאַרע (נעמט צו די הבדלה-זאַכען און געהט אַרויס).

רב אהרן: מאַקע. וואָס איז די מעשה — איז דאָס מאַקע אמת?

פרומע: ווער זאָגט דיר ליגען, ווער?

רב אהרן: איז וואָס איז דאָס פאַר אַן אופן?

פרומע: וואָס זאָל דאָס זיין פאַר אַן אופן? עס האָט איהר אָנגעשפּאַרט און פאַרטיג.

רב אהרן: ווי הייסט, עס האָט איהר אָנגעשפּאַרט? ווי מאָגען מיר גאָר דערלאָזען אַזאַ זאַך?

פרומע: וואָס דערלאָזען, וואָס? זי פרעגט עפּיס ביי דיר עצות? זי איז אַ יתומה און מאָג טון מיט זיך וואָס זי וויל.

רב אהרן: ווי הייסט? און אַז זי וועט וועלען נעמען אַ שטריק און אויפהענגען זיך, מאָגען מיר עס אויך דערלאָזען? האָסט געהערט אַ חתן פאַר איהר? יאַנקעל דער שמיד! אַזאַ מנוול, אַזאַ שטיק גאָר נישט... אַ—אַ — איך בעט דיך איבער פאַר די רעד — אַזאַ מיידעלניק, אַזאַ שיכור...

פרומע: זי וויים עס דען נישט? וואָס האָסטו זיך צושריען, וואָס, משוגענער! האָסט פאַר איהר עפּיס אַן אַנדער חתן? קאָנסט איהר געבען נדן? און ער וויל זי נעמען, ווי זי שטעהט און געהט!

רב אהרן: דאַרפען מיר זי דערפאַר, הייסט עס, אַוועקגעבען אַ איך וויים נישט וועמען, אַן אויסוואורף, אַ...

פרומע: טו נור אויף איהם אַ קוק: מיר געבען זי שוין אַוועק! ווי הייסט, מיר געבען זי אַוועק? זי האָט זיך דאָך אַליין אָנגעכאַפּט אָן איהם! דו ווייסט'אָך שוין נישט, וואָס דו רעדסט.

רב אהרן: ווי הייסט, זי האָט זיך אָנגעכאַפּט? ווי האָט זי זיך גאָר געקאָנט אָנכאַפּען?

פרומע: „ווי האָט זי זיך גאָר געקאָנט אָנכאַפּען?" „ווי האָט זי זיך גאָר געקאָנט אָנכאַפּען?" וואָס איז זי עפּיס אַ קליין מיידעלע? אַ פּיטשינקע איז זי, וואָס? זי איז שוין, אָהן עין הרע, אַ מויד אין די יאָהרען און פערשטעהט, אַז איינער איז בעסער ווי קיינער. וואָס וועט זי אויסזיצען, וואָס? אויף וואָס וועט זי וואַרטען, אויף וואָס? און ווידער בערערט, וואָס מאַכסטו דאָ פאַר אַ רעש? אַ פערדיגנער איז ער? געלט

האָט ער? אַי, וואָס ער איז דאָרטין נישט אַזאַ גרויסער צדיק, וועט זי דאָך זיין זיין ווייב, טאָ זאָל זי איהם איבערמאַכען. און זי איז אַ סחורה, נישקשה. זי וועט איהם ארומוויקלען ארום פינגער אַט ווי ער איז דאָרטין איך ווייס וואָס.

רב אהרן: דעם שיכור, דעם מיידעלניק, דעם..

פרומע: אַז ער וויל חתונה האָבען, איז אַ סימן, אַז ער וויל אויפהערען צו זיין דאָס, וואָס ער איז געוועזען

רב אהרן: איז ביי דיר, הייסט עס, איז עס אַ גלייכער שידוך? איז ביי דיר, הייסט עס...

פרומע: וואָס ביי מיר, וואָס? אוי—אוי—אוי! וואָס רעד איך דאָ מיט דיר, וואָס?

רב אהרן: מילא, זי איז דאָך דיין פלימעניצע, איך מיין, דיין ברודערס טאָכטער, נאָר זאָגען זאָג איך דיר, אַז ווען זי וואָלט נישט געהאַט דיך פאַר אַ מומען...

פרומע: אוי, אַ מגפה זאָל אויף דיר קומען! וואָס בין איך שוין דאָ, וואָס? וואָס האָסט זעך צוגעטשעפעט צו מיר? יענע האָט זיך אָנגעכאַפּט, בין איך דאָ שולדיג! איך צווינג זי עפּים? האָט זי געזאָלט נעמען דעם אויסגעווייקטען ישיבה בחור. ווען זי איז געוועזען ביי איהר טאַטען.

רב אהרן: הערסט, איז וואָס האָסטו אויסגעפיהרט? דאָס זאָג איך דאָך, אַז ווען זי וואָלט דיך נישט געהאַט פאַר אַ מומען און וואָלט נישט געדאַרפט אָנקומען צו דיין לאַסקע, וואָלט זי... אַז איך רעד שוין נישט וועגען יחוס, מיך אַרט שוין נישט, וואָס ער איז אַ שמיעד, מיך אַרט שוין נישט זיין טאַטע דער בעל עגלה — איך וועל שוין זאָגען, ווי דו זאָגסט: אַ יתומה, אָהן נדן, אַן אָרים מיידעל, מילא! אָבער גלאַט, ווי קומט אַזאַ ערהליך און כשר קינד צו אַזאַ מין אויסוואורף? ווי קאָן זי איהם גאָר וועלען? אַז... אַז... אַז ער איז גאָר קיין איד נישט! ווילסטו מיך איינשמועסן, אַז זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן איהם מיט'ן גוטען ווילען? אַז... נאַ!

טאַמאַרע (קומט אריין. זי האָט פערוויינטע אויגען).

פרומע: ווי שטעהט'ס מיט'ן טיי.

טאַמאַרע: יענטע דוואָשע איז געקומען.

פרומע: וואָס האָט שוין דאָרטין ביי דיר געגרענעט פון די אויגען, וואָס?



רב אהרן: האָסט געהערט אַ שידוך? יענקעל דער שמיעד! אָבער גאָרנישט, האָסט נישט וואָס צו וויינען. ער'ט קומען, וועט ער אוועקגעהן. איך וואָלט וועלען גלאַט וויסען, ווי קומט ער גאָר אויף דעם געדאַנק, צו שדכענען זיך צו דיר? אַזאַ העזה פון אַזאַ שטיק מנוול!

טאַמאַרע: פעטער, זידעלט איהם נישט, וואָרום ער וועט ווערען מיין חתן.

רב אהרן: וואָס איז דאָס פאַר אַ ווערטער? דו ווייסט, וואָס דו רעדסט? ווי הייסט, ער וועט ווערען דיין חתן? ער וועט עס ווערען מיט געוואַלט?

טאַמאַרע: מיט געוואַלט נישט, אָבער...

פרומע: איז וואָס האָסטו דאָרטין געוויינט, וואָס?

רב אהרן (נעמענדיג דעם סידור פון אַלמער צו זאָגען „ויתן לך"): זעהסט, מיין טאָכטער, איך זאָג עס דער מומען אין די אויגען, זי איז טאַקי אַ שלעכטע, אָבער...

פרומע: איך געפעל דיר נישט, איז טאַמער וועסטו זיך מיט מיר צו'גט'ן? אַ שלעכטע בין איך! די גרויסע שלעכטס, וואָס איך האָב איהר דאָ אָנגעטאָן! איך האָב איהר עסען נישט געגעבען! אַליין האָב איך געגעסען און געטרונקען פון פויגעל-מילך, און זי האָט נעביך ביי מיר געהונגערט!

רב אהרן (צו טאַמאַרען): אָבער, פערשטעהסט, דאָס וויל איך דיר טאַקע זאָגען — אַזוי שלעכט, אַז דו זאָלסט דאַרפען אַנטלויפען פון אונז צו יענקעל דעם שמיעד, איז נאָך דיר ביי אונז נישט.

טאַמאַרע: איך וויל נישט אַנטלויפען און איך האָב נישט געזאָגט, אַז מיר איז ביי אייך שלעכט.

ר' אהרן: ניין, איך מיין אין ד'ר'אמת'ן. פערשטעהסט, איז גאָרנישט. איז נישטאָ וואָס צו אַנטלויפען, איז נישטאָ וואָס אַרויסצוכאַפּען זיך ווי פון אַ פייער. דו ביזט נאָך נישט אַזוי אַלט, דו קאָנסט נאָך ביי אונז זיצען, ביז עס וועט קומען דיין אמת'ער בעשערטער, עפּיס אַ לייטישער מענש.

טאַמאַרע: אַז מיך אַרט נישט יענקעל.

פרומע: נו, איז האָסטו וואָס צו רעדען מיט איהר?

רב אהרן: ווי הייסט, דיך אַרט נישט יענקעל? דו ווייסט, וואָס דו זאָגסט? דו ווייסט דען, וואָס פאַר אַ מענש ער איז? ער איז... הם!

מע מאר דאך איהם אין א אידישע שטוב נישט אריינלאזען! ווייסטו דאס באטש?

טאמארע: איך ווייס.

רב אהרן: איז נו?

טאמארע: איך ווייס אלץ וועגען יענקלען. איך ווייס נאך אפשר מעהר ווי איהר, און דאך...

פרומע (איראניש): ער איז דאך אזא שיינער.

טאמארע: וואס מיינט איהר, מומע, דאס איז שוין גראד קיין חסרון נישט.

פרומע (צו רב אהרנ'ען): זעהסטו, הא? וואס ווילסטו נאך מעהר?

רב אהרן: זיין שיינקייט קוילעט דאך איהם אוועק. דערפאר איז ער דאך אזוי אויסגעלאסען... איך זאג דיר, איך בין שוין מוחל אלץ, וואס ער איז געוועזען, איך האב אבער מורא, אז ער וועט נישט בעסער ווערען, אז ער וועט בלייבען דערזעלבער שאלטיק נאך דער חתונה ווי פאר דער חתונה. אז... אז ער איז דאך עפיס גאר קיין מענש נישט.

טאמארע (זיפצט אויף): פאר דאס האב איך דאס אויך מורא. איך האב זיבער נישט געוויינט איבער דאס, וואס ער איז געוועזען ביז אהער; איך האב אויך נישט געוויינט, וואס ער איז א שמיד, וואס ער שטאמט נישט פון גרויסען יחוס. ער איז מיר טויזענד מאל ליבער, ווי דער אויסגעווייקטער ישיבה בחור...

פרומע (צו רב אהרנ'ען): נו, הא?

טאמארע: וואס זאל איך דא לייקענען? איך ווייס, אז ער האט א סך גוטע מעלות אין זיך, אז אלע, ווער עס פערקערט נאר מיט איהם, האבען איהם ליעב. אבער איך וואלט נישט געוואלט דערלעבען צו זעהן איהם קומען א שיכורער אהיים און איך וואלט נישט געוואלט זעהן נאך א סך זאכען.

רב אהרן: איז וואס דארפסטו קריכען? מיט א געזונדטען קאפ אין א קראנקען בעט?

טאמארע (מיט א זיפץ): מילא, וועל איך ריזיקירען. יעדער שידוך איז דאך אן איינשטעלעניס. (מיט נצחון.) אבער ווי געפעלט אייך, וואס פון אלע מיידלעך האט ער מיך אויסגעקליבען?

רב אהרן: א נאר איז ער, וואס? ער ווייס שוין, וואס א מיידעל איז. און אזא מיידעל ווי דו...



פרומע: זעה נאר, זעה נאר... קוק נאר אן דעם אלטען אידען! טליונקעס רינען איהם שוין באלד פון מויל.

טאמארע: איז וואס ארט אייך, פעטער. עס וועט שוין זיין גוט, איך וועל שוין... איך וועל שוין מאכען פון איהם א מענש! איהר וועט זעהן, פעטער...

פרומע: שא, עפעס נישט עמיצער דיטיר? (מען הערט חיה פעשעס שטימע און נאך אנדערע שטימען).

פרומע: דאס קומען זיי שוין.

טאמארע (ווערט שטארק אויפגערעגט, סטארעט זיך אבער אנצונעמען א רוהיג געזיכט).

רב אהרן: זעה, און איך האב נאך מיינע „זמרות" נישט געזאגט (עס קומט אריין חיה פעשע, נאך איהר יענקעל, און נאך איהם שמחה מיט מאריאשען. מע בעגריסט זיך): גוט וואך! גוט יאהר!

חיה פעשע: אט איז דא אי דער חתן, אי די מחותנים. מיר האבען דאס געמאכט אויף גיך.

פרומע: זעצט זיך, נעמט פלאץ.

יענקעל (זעצט זיך אויף דעם פאטערשטול פארנט ביי דער רעכטער האנד, בעטראכט דאס צימער און ווארפט פארביי־געהענדיג בליקען אויף טאמארען).

מאריאשע (זעצט זיך מיט א זיפץ אויף א שטול ביי דער לינקער האנד און שפארט אונטער דעם קאפ מיט דער רעכטער האנד).

שמחה (זעצט זיך נישט ווייט פון מאריאשען, מעלה-גרה'דיג מיט זיין צאהנלאזען מויל און ארויסגעבענדיג פון זיך פערלעגענהייטס-טענער): הם, הם, כע.

חיה פעשע (זעצענדיג זיך אויף א פאטערשטול אין הינטערגרונד): זעהט איהר איהם, הא? אט קאן גאר ער גאר קיין צוויי נישט צעהלען, האט זיך אוועקגעזעצט ווי א סטאטיק.

מאריאשע (מיט א זיפץ): יא, א סטאטיק! אויף שונאי ציון געזאגט געווארען.

יענקעל (לאכט פערלעגען): א גוטע רעקאמאנדאציע.

רב אהרן (קומט צו צו שמחה'ן): אזוי, רב שמחה, ווילט איהר דאס ווערען מיט מיר א מחותן?

שמחה (מעלה-גרה'נדיג): הם, הם, כע! ד'וויל! וואס שייך? ער וויל, ער טוט.

מאריאשע: אז ער איז אריינגעלאפען ווי א פער'סס'טער —

ווי אַ פֿער'סס'טער איז ער דאָך אַריַינגעלאָפֿען — מיר זאָלען געהן מיט איהם אהער, האָב איך דאָך געמיינט, אַז ער רעדט אויס'ן וועג, שונאי ישראל. ווען חיה פּעשע וואָלט מיט איהם נישט געוועזען און וואָלט אונז נישט דערצעהלט, וואָלט איך אויסגעביַיטעלט צו איהם אַלע חלומות און וואָלט מיך פֿון אָרט נישט געריהרט. איך וואָלט עס אָנגענומען פֿאַר איינעם פֿון זיַינע גליַיכוועַרטעלעך און אויסנאַרעניַישען און איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, מיר גלויבט זיך דאָס נאָך אַציַנד אויך נישט.

פֿ ר ו מ ע: יאָ, אַז מי איז אָרים, זיַינען אַלע פֿון גליַיכען יחוס.

מ אַ ר י אַ ש ע: אַז מיך וואונדערט נאָר, וואָס ס'ט'צעך געפֿונען איינע, וואָס זאָל איהם ווערען.

ט אַ מ אַ ר ע (לאַכט געוועַז אויף).

ח י ה פּ ע ש ע: שאַ, שאַ, מאַכט מיר דעם שידוך נישט קאַליע.

ש מ ח ה: שאַ! שאַ! צעך צורעדט! בהמה, פֿערד!

ח י ה פּ ע ש ע (צו יענקלען): נו, וואָס האָסט צעך אוועקגעזעצט און שוויַיגסט ווי אַ חתן־בחור.

י ע נ ק ע ל: דאָס בין איך דאָך טאַקע.

מ אַ ר י אַ ש ע: מיט אַמאָל איז ער געוואָרען אַ שעמעוודיגער.

ח י ה פּ ע ש ע: איהר ווייסט, לאָ'מיר נאָר לאָזען חתן־כלה אַליין. ווי זאָלען זיך דורכרעדען.

פֿ ר ו מ ע: קומט טאַקע אַלע אין סטאָלאָווע. זאָלען זיי זיך דאַ דורכרעדען.

ר ב אַ ה ר ן: וואָס איז זיי דאָ צו לאָזען אַליין? זיי קאָנען זיך זיצען דאָ, און מיר וועלען זיך זיצען דאָ, אָדער מיר קאָנען אַלע געהן אין סטאָלאָווע. זיי וועלען זיך רעדען זייערס, און מיר וועלען אונז רעדען אונזערס. איך דאַרף נאָך זאָגען „ויתן לך".

ח י ה פּ ע ש ע: זעהט נור, זאָל איך אַזוי געזונד זיַין, ווי רב אַהרן האָט מורא צו לאָזען זיי אַליין.

ר ב אַ ה ר ן: איך האָב מורא! ווי הייסט, איך האָב מורא!

מ אַ ר י אַ ש ע: ער איז באַלד געשעבט. אויף מיינע נאמנות.

פֿ ר ו מ ע: לאָ'מיר, נישט־קשה, מאַכט איהם נישט פֿאַר אונז איך ווייס נישט וואָס. וואָס געוועזען, איז געוועזען. אַציַנד וועט ער ווערען אַ חתן, חתונה האָבען און וועט בעסער ווערען.

מ אַ ר י אַ ש ע: בעסער ווערען! ער וועט בעסער ווערען! געפֿונען, ווער זאָל בעסער ווערען!



ח י ה פּ ע ש ע: קומט, קומט. (צו מאַריאַשען): הערט איהר, איהר האָט געמאָנט נאָר בלייבען אין דער היים.

ש מ ח ה (צו מאַריאַשען): דו שוויַיג! שוויַיג! בהמה! פֿערד! גאָה אַ היים!

ר ב אַ ה ר ן (קרעכצט): אָך—אָך... נאָ, מילא... ויתן לך אלהים מטל השמים ומשמני הארץ... (געהט אַרויס).

מ אַ ר י אַ ש ע (קרעכצענדיג): שוויַיג, שוויַיג... דאָס אַלץ. (געהט אַרויס).

ש מ ח ה: בהמה... בהמה... פֿערד... פֿערד... (אָב).

ח י ה פּ ע ש ע: האָסט געהערט, אַן איינענע מאַמע זאָל אַזוי רעדען! (אָב).

פֿ ר ו מ ע (געהט אַרויס די לעצטע און לאָזט אָפֿען די טיר).

ח י ה פּ ע ש ע (קומט צו און מאַכט זי צו).

י ע נ ק ע ל (אין פֿערלעגענהייט, ווייס נישט וואָס צו טון מיט די הענד, בעַמט זיך אַראָב דאָס היטעל, דרעהט עס אַ ווילע אַרום, און שמייכעלט אַ פּאָר מאָל אָב מיט אַ גאַנץ פֿערלעגענעם שמייכעל, ווען ער טרעפֿט זיך מיט טאַמאַרעס בליקען).

ט אַ מ אַ ר ע (איז גאַנץ רוהיג, זיצט אויפ'ן סאָפֿאַ אָנגעשפּאַרטערהייט, בעגעגענט זיַינע בליקען גאַנץ פֿעסט און וואַרט, ער זאָל עפּיס זאָגען).

י ע נ ק ע ל (שמייכעלט אָב): עך, איך קאָן דאָך פֿעררויכערן אַ פּאַפּיראָס? וועל איך עפּיס בעקומען דעם לשון. (וואַרט נישט אָב אויף איין ענטפֿער, נעמט אַרויס אַ פּאָרטמאַבאַק און העבט אָן צו דרעהען אַ פּאַפּיראָס).

ט אַ מ אַ ר ע (נאָך אַ קליינעם שוויַיגען): איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז איהר זייט פֿון די שרעקעדיגע.

י ע נ ק ע ל (בענעצט דאָס פּאַפּיראָסען־פּאַפּיער מיט דער צונג): אָט אַזוי, אָ, זאָגט אייך אַ וואָרט.

ט אַ מ אַ ר ע: איך דאַרף דערצו נישט פֿעררויכערן קיין פּאַפּיראָס.

י ע נ ק ע ל (רייבט אָן אַ שוועבעלע אָן די הויזען און פֿעררויכערט. האַרט היגאַער דער טיר דערהערט זיך רב אַהרנ'ס „זמרות").

י ע נ ק ע ל: דער פֿעטער הערט זיך טאַקי צו, וואָס מיר רעדען.

ט אַ מ אַ ר ע: ער וועט נישט אַ סך אָנהערען.

י ע נ ק ע ל (ראַכט; רויכערט).

(שוויַיגען).

יעַנקעל: איהר... איהר... איהר'ט מאַקע באַלד מיינען, אַז איך קאָן קיין צוויי נישט צעהלען.

טאַמאַרע: און אין ד'ר'אמת'ן?

יעַנקעל: קאָן איך שוין צעהלען איבער צוויי אויך. אין אלדי רוחות. ווייס איך, די צונג נעהמט עפּיס נישט אַצינדערט.

טאַמאַרע: דער פּאַפּיראָס האָט אויך נישט געהאָלפען?

(שווייגען).

טאַמאַרע (מיט אַ דורכדרינגענדיגען בליק, רוהיג): זאָגט מיר, פאַר וואָס איז אייך עפּעס איינגעפאַלען צו שרכ'נען זיך צו מיר, און נאָך געטריבען חיה פּעשען, זי זאָל געהן, וואָס גיכער?

יעַנקעל: אַט אַזוי... אַט אַזוי... אַצינד וועל איך קאָנען רעדען. (פערלעשט דעם פּאַפּיראָס, שטעהט אויף, וואַרפט איהם אַריין אין שפּיי-קעסטעל ביי דער טיר, און הערבט אָן צו רעדען אין אויפרעגונג, שטאַרק וואַרפענדיג מיט די הענד).

איהר הערט'אָך, טאַמאַרע, איך... ווי זאָל איך אייך זאָגען?... הע, איך'ל מיך נישט קאָנען גוט אויסדרעהען. אַ כוואַראָבע, איך ווייס עפּיס נישט ווי צו רעדען, אַז ס'זאָל עפּיס זיין... אָבער איהר'ט מיך שוין פערשטעהן. איהר הערט'אָך... איהר זאָגט מיר, פאַר וואָס האָב איך אוועקגעוואָרפען די לעצטע צייט אַלע מיינע פּאַסקודנע שטיק?

טאַמאַרע: איך ווייס גאָרנישט. אַז איהר האָט זיי אוועקגעוואָרפען.

יעַנקעל: ווי איהר זעהט מיך אַ איידען, אַז איך האָב זיי אוועקגעוואָרפען.

טאַמאַרע: מסתמא האָט איהר געפונען, אַז ס'איז אייך שוין נענוג אויפצופיהרען זיך, ווי איהר'ט זיך אויפגעפיהרט.

יעַנקעל: ניין, נישט דאָס. איך... איך... ווי זאָל איך אייך זאָגען? איך האָב מיך פער... פער... פערבייינקט נאָך אייך.

טאַמאַרע: פערבייינקט נאָך מיר? ווי קומט איהר דערצו?

יעַנקעל: זעהט איהר דאָך. אַט ווייסט איהר, אַט פון זינד איך האָב אייך געטראָפען ביי לאה די נייטאָרקע, אַט פון דאַמאָלס אָן איז — ווי זאָל איך אייך זאָגען?... איהר זייט מיר עפּיס. ווי איינגעבאַקען אין האַרצען. איהר'ט מיר גלויבען, האַ? ווי איהר זעהט מיך לעבען, אייער קול איז מיר געשטאַנען אין מיינע אויערען. איך האָב געקלאַפּט מיט מיין האַמער און געהערט אייער קול — ט'איהר מיר גלויבען?



טאַמאַרע: איך האָב נישט געוואוסט, אַז איך האָב אַזאַ שטאַרקען קול.

יעַנקעל: ניין, דוקא ווייל איהר האָט אַזאַ שטילען, עפּעס אַזאַ שטילען און פרעהליכען קול. ער איז מיר עפּיס אַריין אין... אין... אַ צרה, אַז מי קאָן נישט רעדען!... ווי זאָל איך אייך זאָגען, מיר איז געוואָרען אַזוי וואַרים פון איהם ביים האַרצען. איהר דאַרפט'אָך וויסען, טאַמאַרע, אַז איך קען מיך מיט מיידלעך, אַזוז — איך האָב שוין אַ סך איבערגעקאָנט... איהר ווייסט'אָך, איך דאַרף דאָך אייך נישט דערצעהלען. און צו קיין מיידעל האָב איך נישט איבערגעפיהלט, וואָס צו אייך. יעדע מיידעל איז ביי מיר געוועזען אַ שפּיעלכעל, אַ צאַצקע, אַזוי אַ שטיעפּערי. ווי זאָל איך אייך זאָגען? איך בין אַ מענש פול מיט פייער... אַ... אַ מענש פול מיט פולווער, און יעדע מיידעל איז פאַר מיר געוועזען אַ שוועבעלע. די פולווער פלעגט זיך אָנכאַפּען, אויפרייסען און אוים — און מעהר נישטאָ. דערפאַר האָב איך דאָס נאָך ביז יעצט נישט חתונה געהאַט, כאָטש מיר איז שוין צווישען אונז גערעדט באַלד צוויי און דרייסיג יאָהר. איהר האָט עפּיס אויף מיר גאַנץ אַנדערס... גאַנץ אַנדערס גע... געווירקט. אין' בין עפּיס בטל ומבוטל געוואָרען, ווי איהר זעהט מיך לעבען. איך האָב מיך עפּיס דערפיהלט אַזוי מאָדנע... ווי זאָל איך אייך זאָגען? עפּיס ווי עמיצער וואָלט מיר געגאָסען בוימעל אויפ'ן האַרצען. עפּיס אַזוי פוטערדיג ווייך, עפּיס אַזוי געשטילט. וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען. זינד איך האָב אייך געטראָפען, האָב איך מיך אָנגעהויבען צו שעמען פאַר זיך אַליין.

טאַמאַרע: דאָס איז געוועזען די בעסטע זאַך, וועלכע איהר האָט געקאָנט טון. און איהר האָט אוועקגעוואָרפען אייערע מעשים-טובים?

יעַנקעל: אוועקגעוואָרפען! ווי איהר זעהט מיך לעבען. איך האָב מיר געזאָגט: דו טראָגסט דיך אַרום אין קאָפּ מיט איהר — איך האָב דאָס געמיינט, מיט אייך — טיק זיי-זשע נישט מעהר קיין חזיר, אין אוים, באַסטאַ. ווי קיינמאָל גאָרנישט געשאַרלאַטאַנעוועט.

טאַמאַרע: דאָס איז זעהר גוט.

יעַנקעל: אַלץ הייסט גוט! איהר ווייסט נישט, ווי גוט דאָס איז. איך פיהל מיך גאָר ווי אַ נייער מענש. און איהר'ט'אָך לאַכען, האַ? איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען אייך. די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט. ווי אַ שאָטען זיים איהר מיר נאָכגעגאַנגען. און

הײַנט, ווען איך האָב אײַך געזעהן אַרומגעהן אַזוי אױפ׳ן בולוואַר, ווי אַ מלכּה, דאָס געזיכט האָט געלויכטען און די אויגען האָבען אַזוי חיותדיג געקוקט...

ט אַ מ אַ ר ע: זעה, וואָס פאַר אַ קאָמפּלימענטען איהר קאָנט מאַכען!

י ע נ ק ע ל: ניין, דאָס זײַנען נישט קיין קאָמפּלימענטען. קאָמפּלימענטען טראַכט מען אויס, דאָס האָב איך אָבער געזעהן און געפיהלט. איך האָב געקוקט אויף אײַך און... און מײַן האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט. האָב איך מיר אַ זאָג געטאָן: עה, וואָס וועט זײַן, וועט זײַן — איך געה און שיק חיה פעשען צו איהר. און געטראַכט און געטאָן. אוי, ווער האָט זיך געקאָנט ריכטען. אַז איהר וועט זי נישט אַרויסטרײַבען פון שטוב, אַז איהר וועט גאָר... אוי, אוי... עס פּאַטופּעט זיך מיר גאָרנישט אין מײַן מוח. (פּלוצלונג מיט צווייפעל). דאָס איז דאָך אמת? חיה פעשע האָט׳אָך מיך נישט גענאַרט?

ט אַ מ אַ ר ע: געוויס נישט. אַז נישט וואָלט איהר דאָ איצטער מיט מיר נישט גערעדט.

י ע נ ק ע ל: איהר ווייסט נישט, ווי... ווי... ווי זאָל איך אײַך זאָגען?... ווי איך בין גליקליך! אוי, טאַמאַרע, וואָס אַרט אײַך, איהר וועט קיין חרטה נישט האָבען!

ט אַ מ אַ ר ע: הלואי.

י ע נ ק ע ל: וואָס אַרט אײַך, איהר וועט זעהן. אַ, אָבער עס פּאַטופּעט זיך מיר נישט אין מח, ווי גיך דאָס איז צוגעגאַנגען. איהר האָט׳אָך געוואוסט, וואָס פאַר אַ סחורה איך בין געוועזען, ווי אַזוי האָט איהר טאַקע נישט אַרויסגעטריבען חיה פעשען?

ט אַ מ אַ ר ע: איהר ווילט עס וויסען?

י ע נ ק ע ל: איך ווײס? העהע...

ט אַ מ אַ ר ע: איך וועל אײַך נישט קאָנען זאָגען, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט.

י ע נ ק ע ל: אַ ודאי נישט, דאָס ווײס איך אַליין.

ט אַ מ אַ ר ע: איהר זײַט אַ שײנער, אַ קלוגער און אַ גוטער. דאָס האָב איך געוואוסט. און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז עס קאָן געמאָלט זײַן, אַז ווען איהר זאָלט אַרײַנפאַלען אין גוטע, רעכטע הענד, וועלען אײַערע גוטע מדות גובר זײַן די שלעכטע. נו, און איך לעב בײַ אַ מומען...



י ע נ ק ע ל: אוהום!

ט אַ מ אַ ר ע: אַליין עפּיס דערשלאָגען זיך צו עפּיס האָב איך נישט געקאָנט, ווײַל ביז פאַר אַנדערטהאַלבען יאָהרען האָב איך געמוזט פיהרען די ווירטשאַפט בײַ מײַן קראַנקען טאַטען...

י ע נ ק ע ל: יאָ, איך פערשטעה, איך פערשטעה.

ט אַ מ אַ ר ע: און דאָס לעבען בײַ דער מומען איז נישט אַזוי זיס.

י ע נ ק ע ל: יאָ, דאָס ווײס איך. אויף דאָס האָב איך טאַקע אָבגעזעהן.

ט אַ מ אַ ר ע: און איהר האָט געטראָפען.

י ע נ ק ע ל (מיט היץ): און איהר וועט זעהן, אַז איהר וועט קיין חרטה נישט האָבען. טאַמאַרע, איהר קאָנט מיך נאָך נישט! איהר האָט שטענדיג געהערט, אַז איך בין אַ שאַרלאַטאַן, אַ איך ווײס נישט וואָס. און איך לײקען עס גאָרנישט, איך בין עס געוועזען. עפּיס ווי אַ שד האָלט געזעסען אין מיר, אַ מין דבוק, און וואָלט געשטופּט מיך, איך זאָל שאַרלאַטאַנעווען. אָבער ווי דער שד פלעגט אָבלאָזען, פלעג איך ווערען גאָר איין אַנדער מענש. אַז דער שד פלעגט אָבלאָזען, פלעג איך געהן אפילו אין בית מדרש צו הערען אַ פּרק משניות אָדער עין יעקב, אָדער נעמען אַליין אַ ספר אָדער אַ בוך אין די האַנד.

ט אַ מ אַ ר ע: אַזוי אפילו? דאָס האָב איך נישט געוואוסט.

י ע נ ק ע ל: זעהט איהר, איך האָב אײַך געזאָגט, אַז איהר קענט מיך נאָך נישט.

ט אַ מ אַ ר ע: אָבער דער שד האָט אײַך זעלטען אָבגעלאָזען? ווי?

י ע נ ק ע ל (לאַכט): ליידער, יאָ. זעלטען, זעהר זעלטען. אָבער די לעצטע וואָכען האָב איך איהם אין גאַנצען אַרויסגעטריבען פון מיר.

ט אַ מ אַ ר ע: און ווי, אַז ער וועט זיך צוריק אומקעהרען.

י ע נ ק ע ל: זאָל גאָט אויסהיטען! זײַן אָרט האָט פערנומען אַ... אַ מלאך! (שעמעוודיג): איך מיין, איהר.

ט אַ מ אַ ר ע: אַ שד איז שטאַרקער פאַר אַ מלאך.

י ע נ ק ע ל (מיט היץ): ניין, קיינמאָל נישט. אפילו אין עין יעקב איז אַ מלאך שטאַרקער.

ט אַ מ אַ ר ע: אָבער טאַקע נישט מעהר ווי אין עין יעקב.

י ע נ ק ע ל: ניין, רעדט עס נישט, זאָגט עס נישט. איך וויל זײַן אַן אַנדער מענש און וועל עס זײַן. נישטאָ מעהר קיין דיבוק אין מיר. און איהר וועט זײַן מײַן כשר׳ע מזוזה, מײַן שיר המעלות, און אַלע

שדים, אַלע מלאכי חבלים וועלען אַנטלויפֿען פֿון מיר... העהעהע..

טאַמאַרע: איך וועל מיך סטאַרען.

יענקעל: דאָס וועט איהר גאָרנישט דאַרפֿען.

טאַמאַרע: איז נאָך בעסער.

יענקעל: איז אָבגעמאַכט?

טאַמאַרע (קוקט איהם אַ ווײַלע שאַרף אָן): אָבגעמאַכט.

יענקעל: איז — אַ האַנד?

טאַמאַרע (געבענדיג איהם די האַנד): נאָט אײַך די האַנד.

יענקעל (שאָקעלט איהר קרעפֿטיג די האַנד): אַה, איז גוט!

טאַמאַרע (מיט אַ געלעכטער): אוי, דריקט נישט נור אַזוי!

יענקעל: אַך, טאַמאַרע, איהר ווייסט נישט, וואָס איך פֿיהל! אַה!... איהר הערט'אָך, איך וועל אײַך עפּיס דערצעהלען, איהר זאָלט זיך נאָר נישט בעליידיגען, איהר הערט'אָך... אייַנמאָל איז די פֿולוועך געגאַנגען מיט אַ שוועבעלע... העהעהע... איך מײַן, איך בין אײַנמאָל געגאַנגען מיט אַ מיידעל — אָט פֿון מײַנע אַמאָליגע מיידלעך. געגאַנגען זײַנען מיר צום וואַלד — איהר קאָנט שוין פֿערשטעהן, העהעהע...

טאַמאַרע (שווידערט אויף).

יענקעל: זי איז געוועזען אַ שײַן מיידעל און כלומרשט אַן אַנשטענדיגע און האָט אַ לאַנגע צײַט נישט געוואָלט געהן מיט מיר אַליין שפּאַצירען אין וואַלד. דאָס האָט מיך שרעקליך גערייצט, און שטענדיג ווען איך פֿלעג מיך מיט איהר צונויפֿטרעפֿען, פֿלעג איך מיך פֿיהלען ווי אַ ווילדע חיה. ביז ענדליך האָט זי אָבגעלאָזען איהר עקשנות און איז אַוועק מיט מיר אין וואַלד. אויפ'ן גאַנצען וועג האָט אין מיר אַזוי מאָרגע געקאָכט דאָס בלוט, און אַז מיר זײַנען צוגעקומען צום וואַלד, האָט מיר עפּיס אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ, און איך האָב זי אויפֿגעהויבען אויף מײַנע הענד און אײַנגעגעסען זיך אין איהר קלייד מיט מײַנע צייגער, און האָב אַזוי געשריען און געבראָפּעט ווי אַ ווילדער חזיר און בין אַרײַנגעלאָפֿען אין וואַלד...

טאַמאַרע (ציטערנדיג אין גאַנצען קערפּער): פֿוי, פֿוי! צו וואָס דערצעהלט איהר מיר דאָס? צו וואָס דערצעהלט איהר מיר דאָס?

יענקעל: צו וואָס דערצעהל איך אײַך דאָס? (מיט אַ פֿערלאָאַטען אָטעם). צו וואָס דערצעהל איך אײַך דאָס? ווײַל איך פֿיהל, אַז איך וואָלט אײַך אויפֿגעהויבען אַציינד און וואָלט צושריען זיך... אוי, אַזוי צושריען זיך!



טאַמאַרע: וואָס?! וואָס?!

יענקעל: ווײַל איך פֿיהל, אַז איך בין יעצט אַן אַנדער מענש געוואָרען. אָ, איהר פֿערשטעהט, איך וואָלט זיך יעצט צושריען, אַקוראַט... אַקוראַט ווי איך וואָלט עפּיס אַראָבגעוואָרפֿען פֿון מיר אַ גאַנצע משא, עפּיס אַ זאַך, וועלכע האָט אַזוי געדריקט אויף מיר. אוי, טאַמאַרע, ווען איהר וואָלט געוואוסט... (רב אהרן עפֿענט אויף די טיר).

רב אהרן: וואָס, איהר האָט נאָך אַלץ נישט אָבגערעדט?

יענקעל: אָבגערעדט! אָבגערעדט!

רב אהרן (צו די איבריגע אין סטאָלאָווע): נאַ, איהר קאָנט אַלע אַרײַנקומען. (צו טאַמאַרען): מיר האָבען דאָרטען דערווײַלע נאָך געסט. רפאל איז דאָ מיט רבקה'ן. (חיה פעשע, מאַריאַשע, שמחה, פֿרומע, רבקה און רפאל קומען אַרײַן).

רבקה: גוט וואָך און מזל טוב!

רב אהרן: וואַרט, צוערשט וועלען זיי מקבל קנין זײַן, ווי בײַ אידען פֿיהרט זיך, דערנאָך וועלען מיר זיי אָבגעבען „מזל טוב" און מאַכען אַ „לחיים"... (צו פֿרומען): וואו איז מײַן רויט טיכעל?

פֿרומע (געהט אַרויס נאָך דעם רויטען טיכעל).

רב אהרן (נאָך איהר).

חיה פעשע: נו, וואָס זאָגט מען דערצו? האָט זיך מיר דאָס גאָר געחלומט, אַז איך וועל היינט גאָר זײַן אויף אַ קבלת קנין, און איך וועל זײַן די שדכנטע, און וואו און בײַ וועמען?!

שמחה (צו יענקלען): דו... דו... טו אָן ס'היטעל!... גוי! גוי! אָהן אַ היטעל גאָר!

מאַריאַשע: קיין גרעסערע עבירות האָט ער בײַ איהם נישט געפֿונען, קיין גרעסערע.

יענקעל (געהט צו זײַן פֿריערדיגען זיץ, נעמט דאָרטען דאָס היטעל און טוט עס אָן מיט אַ פֿערלעגענעם שמייכעל).

רבקה (צו יענקלען): איז וואָס, איז געהט איהר טאַקע ווערען אַ חתן?

יענקעל: אָט ווי איהר זעהט.

רפאל (שטעלט זיך צווישען יענקלען און רבקה'ן): אָט אַזוי, האַ, רב יענקעל — איצטער דאָך, רב יענקעל, ווי? — איצטער וועט איהר ווערען אַ סטאַטיק, העהעהע...

רבקה: נעה, מי פֿרעגט בײַ דיר נישט. וואָס ער וועט ווערען.

מאַריאַשע: אַ סטאַטיק. ער — אַ סטאַטיק. געפֿונען, ווער ס'זאָל ווערען אַ סטאַטיק.

רפאל (לאַכט).

שמחה: שווייג, שווייג! בהמה, פֿערד! ער'ט ווערען! פֿאַר וואָס זאָל ער עפּיס נישט ווערען? דו נאַר רעדען!

רבקה (צו רפאל'ן): וואָס'ט'צעך אַוועקגעשטעלט פֿאַר די אויגען מיט דיין ציינעניעם בערדעל און הירזשעסט ווי אַ פֿערד. געה אוועק פֿון מיר.

יאַנקעל (וויל צוגעהן צו טאַמאַרען).

רבקה (פֿערשטעלט איהם דעם וועג): עפּיס אזוי פּלוצלונג. נאָר פֿון העלער הויט, וואָס עפּיס מיט אַמאָל?

יאַנקעל: די בעשערטע איז געקומען, איז געוואָרען מיט אַמאָל.

רפאל (שטעלט זיך ווידער צווישען רבקה'ן און יאַנקלען): די בעשערטע. העהע... העלפֿען קיין טענות נישט. איז אַלע מיידלעך און ווייבלעך אָן אַ זייט און — פֿאַרטיג. העהעהע...

יאַנקעל (געהט צו צו טאַמאַרען).

רבקה (צו רפאל'ן): וועסטו אָבטרעטען פֿון מיינע אויגען?

רב אַהרן און פֿרומע (קומען אריין).

רב אַהרן (מיט אַ רויטען טוך אין האַנד): אַצינד וועלען זיי מקבל קנין זיין און נאָכדעם וועלען מיר זיי אָבגעבען איין אַמת'ן „מזל טוב" און מאַכען „לחיים" און פֿערבייסען, און זאָל זיין טאַקע מיט מזל און ווי גאָט וויל. (הויקעלט אַרום דאָס טוך אַרום האַנד און לאָזט צוויי ברעגען. איין ברעג נעמט יאַנקעל, דעם צווייטען טאַמאַרע), זייט וויסען, אַז יעצט זייט איהר חתן־כלה פֿאַר גאָט און פֿאַר לייטען און זאָל זיין מיט מזל און מיט גליק.

אַלע: מזל טוב! מזל טוב! (בעגריסען זיך איינע די אַנדערע).

פֿרומע: אַצינד קומט אין כּטאָלאָווע, קומט, מחותנים! (געהט אַרויס. נאָך איהר רב אַהרן).

שמחה (צו יאַנקלען): אַצינד ביזטו אַ חתן... אַ חתן... (מיט טרערען). זיי אַ מענש, מיין זוהן... סטאַרע זאַך... וואַרף אַוועק דיינע שלעכטע שטיק... וואַרף אַוועק... אַז נישט, 'עט זיין אַ ביטערער רחמנות אויף איהר... אויף טאַטע־מאַמען האָסטו קיין רחמנות נישט געהאַט. האָסט געוואָלט בעגראָבען טאַטע־מאַמען, פּטור ווערען פֿון טאַטע־מאַמען... אַז וואָס האָב'ך געקאָנט מאַכען?... אָבער אויף איהר ז'אַ רחמנות... וואַרף אַוועק דיינע שטיק... וואַרף אַוועק...



העדסט'ע?... זי'ז אַ טייער קינד... אויסגעריסען וועסטו ביי מיר ווערען... פֿאַר איהר וועל'ך דיר נישט שווייגען... וועל'ך דיר נישט שווייגען...

מאַריאַשע: וואָס'ט'צעך צו'דרשנ'ט? פֿאַר איהם האַלט ער דרשות! (וויינט). ער וועט נאָך...

שמחה: שווייג! שווייג! בהמה!

יאַנקעל (געריהרט): עס'ט שוין זיין גוט, טאַטע! עס'ט שוין זיין גוט.

חיה פּעשע: אַט ער'ט אויף זיך נעמען אַ יאָך, וועט איהם פֿערגעהן דאָס שפּילינקען.

שמחה (צו טאַמאַרען): דו אַ כּשר קינד, מיין טאָכטער. איך — מיט דיר. איך שטענדיג האַלטען מיט דיר...

פֿרומע (בעווייזט זיך אין טיר): קומט שוין, מחותנים, קומט שוין. (מאַריאַשע, חיה פּעשע און שמחה געהען אַרויס).

רפאל (געהט אויך צו דער טיר; דערזעהענדיג, אַז רבקה געהט נישט, בלייבט ער אויך, צו רבקה'ן): נו, קום דאָך. וואָס שטעהסטו דאָ, רבקה? אפשר ווילען חתן־כלה בלייבען אַליין?

רבקה: וואָס זאָגט איהר צום פֿרומאַקס קאָפּ? האַהאַהאַ...

רפאל: אָבער דו זעהסט'אָך, אַז זיי ווילען בלייבען אַליין.

רבקה: האַהאַהאַ... ווייסט איהר וואָס, טאַמאַרע? לאָ'מיר אונז נאָר בייטען...

רפאל: אַ, וואָס! דאָס רעדט זי בלויז אַזוי. זי וועט'אָך פֿאַר מיר קיין צעהן זעק ציבעלע נישט נעמען.

רבקה: נאָך ווי! אפילו אומזיסט גיב איך דיך אַוועק. אַבי נור פּטור ווערען פֿון דיר.

רפאל: אַה, געה שוין, געה! ווילסט נאָר נישט פּטור ווערען פֿון מיר, העהעהע... מיר וועלען זיך שוין עלטערען, העהעהע...

רבקה: דאָס וועלען מיר שוין אַ סימן האָבען. אוי, דו מיט דיין זיסינקען געלעכטערל און מיט דיינע ליעבהאַרציגע פּאַה'קעלעך און חיות'דיגען בערדעלע...

רפאל (ערנסט): וועגען מיינע פּאות טאָרסטו אַזוי נישט רעדען. װאָס ביזטו אַ גויה. וואָס?

רבקה: וועסט מיך נאָך אַריינטרייבען אין שמד, וואַרט!

רפאל: אוי, וואס איז דאס פאר א ווערטער! אוי, זאל גאט דיך ניט שטראפען פאר די רעד!

פרומע (אין טיר): נו, וואס קומט איהר ניט?

רבקה (געהט צו דער טיר): איז נו וואס? טאמארע, וועט איהר זיך בעטען? האהאהא... (געהט ארויס).

רפאל (נאכגעהענדיג נאך איהר): וואס זי קאן אמאל א זאג טון, א! (געהט ארויס און מאכט צו די טיר).

יענקעל, (וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צייט אונגערוהיג): איך זעה, אז איהר האט זיך דערשראקען פאר דאס, וואס איך האב אייך פריער דערצעהלט. אפשר האב איך טאקע געטאן א נארישקייט, האב ניט געדארפט גאר דערצעהלען, איז וועל איך דאס טאקע מעהר ניט טאן.

טאמארע (מיט זיידען): איך בעט אייך טאקע, דערצעהלט מיר נארנישט פון די זאכען, איך וויל פון גארנישט וויסען. איך וויל דאס ניט הערען, איך קאן דאס ניט הערען.

יענקעל (ווארם): מעהר ניט, מעהר קיינמאל ניט, מעהר וועט איהר ניט בעקומען צו הערען פון מיינע אלטע זאכעניסען.

טאמארע: איז גוט. איך בעט אייך זעהר.

יענקעל: און זעהן א ודאי ניט. איך פיהל, אז איך בין אצינד גאר אן אנדער מענש.

טאמארע: איז א ודאי גוט. מעהר וויל איך גארנישט.

יענקעל: זייט איהר ניט מעהר ברוגז?

טאמארע: איך בין'ס ניט געוועזען, אבער עס האט מיך...

יענקעל (נעמט זי אן פאר דער האנד): טיק נים א שמייכעל.

טאמארע (לאכענדיג): אפילו א לאך.

חיה פעשע (פון הינטער דער טיר): חתן-כלה! חתן-כלה!

יענקעל: מיר קומען, מיר קומען!

טאמארע (לאכענדיג): עפענט אויף די טיר, מאכט א חארע!

חיה פעשע (עפענט אויף די טיר, העבט אן צו פאטשען אין די הענד און טאנצט אונטער): מאכט א חארע, מזל טוב! מאכט א חארע, מזל טוב! (זי טאנצט ארײן אין צימער און בעגלייט ארויס טאמארען מיט יענקלען, אונטער דעם טאקט פון די ווערטער): מאכט א חארע, מזל טוב!

---

# צווייטער אקט.

אין א יאהר ארום.

דאס עסצימער ביי יענקלען אין הויז. אין דער הינטערוואנד א טיר, וועלכע פיהרט צו דער גאס און דער קיך און צום לערינגען צימער; אין דער לינקער וואנד די טיר צום שלאפצימער, אין דער רעכטער וואנד צוויי פענסטער מיט וואזאנעס אויף זיי. צווישען די פענס-טער א ציראטענע קאנאפע, פאר וועלכער עס שטעהט א קיילעכ-דיגער פלינגעלטיש, איבערגעדעקט מיט א טישטוך. פון ביידע זיי-טען פון דער קאנאפע צו צוויי שטולען, און צו איין שטול פון ביידע זייטען טיש. רעכטס פון דער ארויסגאנגס-טיר א גלעזער-שראנק מיט א גלאזטיר, וועלכע איז פערפוצט פון אינוועניג מיט פארהאנגלעך, פון הינטער וועלכע עס קוקען ארויס אויף די אוי-בערסטע פאליצעס דאס גלאזווארג און אויף די אונטערסטע עטלי-כע ספרים און ביכער. לינקס פון דערזעלבער טיר א גרויסער וואנדזייגער. אין דער לינקער וואנד הארט ביי דער הינטערוואנד א גרויסער קאכעלנער קאמין, פארנט ביי דערזעלבער וואנד שטעהט א קאמאד, איבערגעדעקט מיט א טישטיכעל. איבער דער קאמאד הייננט א שפיגעל. אויף דער קאמאד ליגט א בוך און שטעהען צוויי אויסגעפוצטע מעשענע לייכטער. איבער'ן טיש הייננט א שיינע פארצעלייענע הייננלאמפ. — אין צימער הערשט א גרויסע ריינקייט און ארדנונג. דאס מעבעל איז פונקלענדיג-ניי. די פאדלאגע איז פריש געוואשען. אין די פענסטער לייכט ארײן א העלער זונטאג.



ט א מ א ר ע (ליגט אויף דער קאנאפע און שלאפט).

י ע נ ק ע ל (מיט דעם ארבייט-פארטוך ארום זיך, עפענט פארזיכטיג אויף די טיר און קומט אריין. זיין פערראויכערט געזיכט שיינט פון א גליקליכען שמייכעל. ער שטעהט א וויילע און בעוואונדערט די שלאפענדיגע מיט גרויסער ליעבע, פאַרליעבט מיט איהר גרימאסען מיט די ליפען, ווי ער וואלט זי געוואלט קושען. דערנאך געהט ער צו אויף די שפיץ פינגער צו דער קאמאד, נעמט דאס דארטיגע ליעגענדיגע ביכעל, געהט צו צוריק צו דער קאנאפע, לאזט זיך אראב אויף ד'ר'ערד נעבען טאמארעס צוקאפען, עפענט אויף דאס ביכעל און לייענט).

ט א מ א ר ע (שטרעקט אויס די האנד און גלעט איהם איבער דאס האר).

י ע נ ק ע ל (שפרינגט אויף אויף די קניע): הארצוניו, דו שלאפסט גאר נישט?

ט א מ א ר ע: האסט מיך אויפגעוועקט.

י ע נ ק ע ל: אזא בער, ווי איך בין! איך האב דאכט זיך אלץ געמאכט אזוי שטיל.

ט א מ א ר ע: אז דו האסט זיך אראבגעלאזען אויף ד'ר'ערד, האב איך דיך דערפיהלט.

י ע נ ק ע ל: פערשטעהסט, קיין ארבייט איז גראד נישטא, מאג איך דאך אריין צו מיין ווייבעל.

ט א מ א ר ע: האב איך לאנג געשלאפען?

י ע נ ק ע ל: אן אנדערטהאלבען שעה. אצינד שוין דריי א זייגער.

ט א מ א ר ע: אזוי לאנג בין איך געשלאפען!

י ע נ ק ע ל: וואויל בעקומ'ס דיר. דו דארפסט'אך שלאפען פאר צווייען — פאר זיך און פאר דאס נפש'ל אט א דא א. (בעווייזט אויף איהר בויך). העהעהע... באלד וועט עס ארויסקומען און מאכען: „קאניאו, קאניאו, קאניאו..." (מאכט נאך א קליין קינד'ס וויינען).

ט א מ א ר ע (נעהניצט): א, איך בין נאך שלעפעריג.

י ע נ ק ע ל: איז וואס וועט עס זיין: א אינגעל אדער א מיידעל?

ט א מ א ר ע: וואס עס וועט קומען, וועסטו מוזען אננעמען פאר א גוטען נאסט.

י ע נ ק ע ל: נאך וואס פאר א טייערען גאסט! אלע קאכלען וועל איך איבערברעכען. אבער גלאט וואלט איך געוואלט וויסען...

ט א מ א ר ע: וועסט שוין וויסען.



י ע נ ק ע ל: פערשטעהסט, טאקע וואס עס וועט קומען. וועט זיין א טייערער גאסט, אבער וועלען וואלט איך געוואלט — א אינגעל! עפיס, פערשטעהסט. א אינגעל איז גאר איין אנדער זאך.

ט א מ א ר ע: איך ווייס שוין. איך ווייס שוין. איך האב עס שוין געהערט.

י ע נ ק ע ל: עפיס א אינגעל — א יונג מיט ביינער. פערשטעהסט, א מיידעל איז אויך חס ושלום קיין שפארעוודיגע סחורה נישט. אבער א אינגעל איז דאך גאר עפיס אנדערע ווערטער. עפיס א י א ט ל, א י א ל ד, א י ו נ ג א ט ש ל... העהע...

ט א מ א ר ע: איז דא געוועזען חיה פעשע?

י ע נ ק ע ל: ניין, זי איז נאך נישט געוועזען.

ט א מ א ר ע: זי זאל מיר עפיס ברייגנען א גוטע דיענסט;

י ע נ ק ע ל: יעדע דיענסט וועט שוין זיין א גוטע ביי דיר אין די הענד.

ט א מ א ר ע (מיט לאסקע): דו האלטסט אבער פון דיין ווייב א היבש ביסעל.

י ע נ ק ע ל: און ווער האלט נישט פון מיין ווייב? מי זאל אויספאהרען מדינות...

ט א מ א ר ע: איך וועל מיך אזוי אנהעבען איבערנעמען.

י ע נ ק ע ל: דאס מאגסטו גאנץ רוהיג.

ט א מ א ר ע: און איך וועל וועלען א טעלערל פון הימעל.

י ע נ ק ע ל: וועל איך שמידען א גרויסע, גרויסע לייטער, פון דער ערד ביז צום הימעל, און וועל דיר קריגען דאס טעלערל.

ט א מ א ר ע (גלעט איהם איבער'ן קאפ, בויגט זיך צו איהם צו און גיט איהם א קוש אויף די ליפען).

י ע נ ק ע ל (כאפט זי ארום מיטביידע הענד און קושט זי שטארק און ליידענשאפטליך).

ט א מ א ר ע (לעגט זיך צוריק אוועק און קוקט איהם אן א ווייל מיט לאסקע): ווייסט, איך וואלט גאר געוועזען א בעלן אויף א גלעזעל תארטס.

י ע נ ק ע ל (שפרינגט אויף): איז הערסט, איז וואס שווייגסטו! איין, צוויי, דריי און עס ווערט! (לאזט זיך צו דער טיר).

ט א ר י א ש ע (קומט אריין, מאכענדיג א זאק).

יענקעל: אט איז די מאמע אויך. זי האט דערשמעקט, אז איך גיי שטעלען דעם סאמאוואר.

מאריאשע (אנגעררוקט): א ודאי האב איך דערשמעקט. איך דארף טאקע נויטיג דיין טיי.

יענקעל: מאמערעטשקע, קאנסטו מיר נישט זאגען, ווען וועט זיך די מאמע אויפהערען צו דויען?

מאריאשע: גיי שוין, גיי שוין. שטעל שוין דעם סאמאוואר.

יענקעל (לאכט): אי, א בייזע מאמע! (גייט ארויס).

מאריאשע (זעצט זיך אויפ'ן שטול צוקאפענס ביי טאמארען): וואס מאכסטו?

טאמארע: איך נעם מיך איבער ביי מיין מאן.

מאריאשע: ביי איהם איבערנעמען זיך! ביי איהם און ביי זיין טאטען קאן מען זיך טאקע א סך איבערנעמען.

טאמארע: וואס קאנט איהר זיי אלץ נישט מוחל זיין, שוויגער?

מאריאשע: אויך מיר מענשען! זיי זיינען דען מענשען? דער טאטע וואלט אוועקגעגעבען זיין נשמה דער גאנצער וועלט און אויף זיין ווייב קאן ער נישט מעהר ווי בלאזען זיך און שרייען. און דער זוהן...

טאמארע: וואס איז דער זוהן?

מאריאשע (מאכט אוועק מיט דער האנד): מילא, נישטא וואס צו רעדען.

טאמארע: וואס האט איהר איצטער וואס אויסצוזעצען אין אייער זוהן?

מאריאשע: וואס דארף איך האבען אויסצוזעצען אויף איהם? ער ליעגט מיר גאנץ גוט אין די עצמות. עס איז מעהר נישט א — רחמנות אויף דיר.

טאמארע: דאס איז נישט שיין פון אייך, שוויגער. אן אייגענע מאמע זאל נישט קאנען פערגעסען איהר זוהן דאס, וואס ער איז אמאל געוועזען.

מאריאשע: אך, וואס האב איך וואס צו רעדען! מילא.

טאמארע: ס'איז ווירקליך נישט שיין פון אייך. אן אייגענע מאמע...

מאריאשע: און אז אן אייגענע מאמע, איז וואס? איך קען מיין צרה. ער איז געראטען אין זיין טאטען. היינט איז ער אזוי און מארגען איז ער אזוי און איבערמארגען איז ער ווידער אזוי.



טאמארע: שוין באלד א יאהר נאך אונזער קנין און אלט חדשים נאך אונזער חתונה און וואס האט איהר געזעהן אין איהם שלעכטס?

מאריאשע: מילא, הלואי זאלסטו זיין גערעכט.

טאמארע: ניין, ד'מיין דער'אמת'ן?

מאריאשע: איך קען מיין צרה, האב איך דיר געזאגט. וואס איז מיט איהם געוועזען, איידער דער קנין? פלעגט איהם אנקומען א טירוף, פלעגט ער מיט אמאל ווערען א צדיק אין פעלץ און אוועקגעהן אין בית מדרש, און דערנאך פלעגט איהם ווידער פערדרעהען דער טירוף, פלעגט ער ווידער ווערען אן אויסוואורף שבאויסוואורף.

טאמארע: ווילט איהר דערמיט זאגען, אז...

מאריאשע: אט גארנישט וויל איך דערמיט זאגען.

טאמארע (זעצט זיך אויף): טיק וויל איך אייך זאגען, שוויגער, אז איהר קאנט אפך בערוהיגען. איהר מאגט אייך ארויסשלאגען פון קאפ אלע אזעלכע געדאנקען. ווארט נאך, איהר וועט נאך א סך הנאה האבען פון אייער זוהן. ער וועט אייך נאך אבצאלען פאר אלע יסורים און עגמת נפש, וואס ער האט אייך אנגעטאן.

מאריאשע (קראצט זיך מיט א פרענטעל): יא, יא, ער וועט מיר נאך אבצאלען.

טאמארע: אז איך האב קיין מורא נישט, דארפט איהר א ודאי קיין מורא נישט האבען.

מאריאשע: איך האב מורא? וואס האב איך, וואס מורא צו האבען? עס איז מיר טאקע מעהר נישט ווי א רחמנות אויף דיר.

טאמארע: אי, נעהט, שוויגער, איהר זייט א מרה שחורה'ניצע, איהר האט אייך גאר נעדארפט קריגען. נו, וואס רעדט איהר דארטין פאר א זאכעניסען! (פערשעמט). איהר וועט באלד ווערען א באבע, דארפט איהר עפיס אויסזעהן פרעהליכער, לעבעדיגער.

מאריאשע: מילא, איך וועל שוין מסתמא שטארבען אזא.

טאמארע: וואס ארט אייך, איהר פערלאזט זיך נאר אויף מיר. אייער יענקעל איז שוין נישט דאס, וואס געוועזען און וועט דאס שוין מעהר נישט זיין. דאס בין איך אייך ערב.

מאריאשע (קראצט זיך ווידער דעם קאפ מיט א פרענטעל): מיר וועלען שוין זעהן. הלואי זאלסטו זיין גערעכט און איך זאל בלייבען א ליגנערטע.

טאמארע: אך, וואס רעדט איהר באמין!

יענקעל (קוקט ארײן מיט'ן סאמאװאר): אַ װעג! אַ װעג! איך האָב איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל עס מאַכען וואס גיכער, ווייל טאמארע וויל טײ, איז אין איין מינוט אַ פיף-פאף-ססססס, און אַט האָסטו איהם שוין.

טאמארע: זעהט איהר, שוויגער, אפילו דער סאמאָװאר האָט פאר מיר אָבשײ.

יענקעל (נעמט ארויס דעם טשייניק, פערקאָכט טיי): נאָך ווי, אין איין מינוט — פיף-פאף, פאַרטיג.

טאמארע (וויל ארויסנעמען די גלעזער פון שראַנק).

יענקעל: נאַ דו, טאמארוק, העלף מיר נישט איך בעט דיך נישט, זעץ דיך ווי אַ פריצה און לאָז דיך בעדיענען.

טאמארע (זעצט זיך אוועק מיט אַ ווילטיגער פּאָזע): מיין הערר ריענער, צוברעכט נור נישט די גלעזער.

יענקעל (מיט די בעוועגונגען פון אַ קעלנער, גיסט אָן דריי גלאָז טיי און צושטעלט זיי אויף דריי זייטען טיש. צו טאמארען): וואס זיצטו אזוי, מאָם?

מאַריאַשע (הויבט זיך אויף און נעהט צום טיש, קרעכצט): אָ — אָך!

יענקעל: וועסט זעהן, וואס וועט זיין. אז עס וועט געבאָרען ווערען דאָס פיסקליאַניקעל, וועל איך דיך נישט צו לאָזען צו איהם מיט אַזאַ צורה. דאָס קאָן זיך נאָך דערשרעקען און קריגען אַ שוואַך מענעלע.

טאמארע: רעד נישט קיין נאַרישקייט און לאָז די מאַמע צו רוה. אַ שטערן, וועלכער איז נעלעגען צעהנדלינגע יאָהרען אין קנויטשען, קאָן זיך נישט אויסגלעטען אין אַ יאָהר.

מאַריאַשע: אָ—אָך, ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אויסגלעטען. אַז מ'האָט אַזאַ מאַן מיט אַזאַ זוהן...

יענקעל (אויפגעבראַכט): וואס אַזאַ זוהן, וואס?

טאמארע: ששש, ששש, נישט געשריען. אַ רוהיג געזיבט. אַט אַזוי אַ...

שמחה (קומט אַריין אין זייגע בעל עגלה'שע קליידער).

טאמארע: און אַט איז דער שווער אויך.

מאַריאַשע: אַט האָבטו איהם! מע דאַרף איהם דיין נויטיג האָבען.



יענקעל: אייך דערשמעקט טיי, ווי? קום זעץ זיך. איך גיב היינט טיי. (שפּרינגט אויף נאָך אַ גלאָז).

שמחה (נעמט ארויס פון בוזים אַ פּאָר אפּעלסינעס און גיט זיי טאמארען). דאַ, טאָכטערקע... האָסטע... צוויי אפּעלסינעס.

טאמארע: אַ גרויסען דאַנק אייך, שווער.

שמחה: עס געזונדערהייט. איך האָב געפיהרט היינט אפּעלסינעס...

יענקעל: האָסטו אַראָבגענומען... און נאָר צוויי...

שמחה: פערד! פערד! אַראָבגענומען! אַ גנב, וואס? עפּיס אַ גנב? פערד! אוי!

טאמארע: פע, יענקעל, קענסט נישט דיין טאַטען?

שמחה: זיי האָבען מיר אַליין געגעבען, ווי זעהסט מיך לעבען... ווי זעהסט מיך לעבען, מיר אַליין געגעבען. „אַראָבגענומען!" פערד! אוי! איך נאָך געזאָגט: פאַר מיין שנור... הע...

מאַריאַשע: „פאַר מיין שנור"... אַט אזוי אַ שטענדיג. אַז מע האָט אַ ווייב, פערגעסט מען.

שמחה: נאָך וואס, האַ? נאָך וואס? בהמה!

מאַריאַשע: אַט אזוי אָ, מיך קען ער נאָר רופען „בהמה".

יענקעל: די מאַמע ווערט דאַכט זיך „פעפערזיכטיג".

טאמארע: וואס אַרט אייך, שוויגער, מיר וועלען זיך צוטיילען. אַט האָט איהר איינעם און איך איינעם.

שמחה: וואס! וואס! דיר געבראַכט... ביידע דיר געבראַכט. זיי נישט קיין נאַר.

מאַריאַשע: איך דאַרף דען האָבען דעם אַפּעלסין? אַז ער וואָלט מיר געבראַכט, וואָלט איך דיר אויך אוועקגעגעבען. איך רעד מעהר נישט גלאַט אזוי... די ווייב ליעגט איהם אַ האָר נישט אין זינען.

יענקעל: ער איז דאָך עפּיס מיין טאַטע, אַלטע אירענעס ליגען איהם נישט אין זינען.

טאמארע: יענקעל, איך האָב פיינט אַזעלכע חכמות.

מאַריאַשע: אַט האָסטו איהם, נאַ דיר.

שמחה: פערד! פערד!

יענקעל (שלאָגט זיך אין הארצען). חטאתי. חטאתי, חטאתי. אַמאָל כאַפּט זיך אַרויס. אַי, די צונג, אָבראַרען זאָל זי מיר!

מאַריאַשע: ווי זאָגט דער גוי? אַ גאָל אין זאַק קאָן מען נישט

בעהאלטען, זי קריכט א דורך, אך—אך—אך. (ווי טרינקען דעם טיי שוועגענדיגערהייט).

יענקעל (צו טאמארען). ווילסט נאך א גלאז?

טאמארע: ניין, א דאנק.

יענקעל: ביזט ברגז, טאמארוק?

טאמארע: ברגז? אויף וואס?

יענקעל: אט, אויף מיין צונג.

טאמארע: איך האב שוין פערגעסען, וואס דו האסט געזאגט.

מאריאשע: אלטע אידענעס ליעגען איהם נישט אין קאפ, די מאמע זיינע ליעגט איהם נישט אין קאפ. אבער יונגע ווייבלעך דערפאר, יונגע מיידלעך, א...

טאמארע: וואס רעדט איהר. וואס, שוויגער? איהר דארפט נישט איבערחזרן. ער האט גארנישט דערביי געמיינט.

שמחה: זי רעדט... זי רעדט... ווייס, וואס זי רעדט! בהמה!

יענקעל: טאמארוק, דו ביזט א גאלד! טאטע, מאג איך זי א קוש טון? (וויל זי ארומנעמען).

טאמארע (שטופט איהם אב לאכענדיג).

מאריאשע (קרעכצט).

חיה פעשע (קומט אריין). אט דאס איז א פארל! שטענדיג וואלטען זיי זיך געקוסט. און דאס אנדער פארל — איז זאל נישט צוגעקומען ווערען. א גוטען טאג אייך אלעמען. (מען ענטפערט איהר): א גוט יאהר.

יענקעל (שפרינגט אויף): איהר קריגט גלייך א גלאז טיי — איך בין היינט דער טייגיעסער — און דערצעהלט, ווער איז דאס דאס אנדער פארל.

חיה פעשע (נעמט א שטול און זעצט זיך ביים טיש). ווער זאל דאס זיין? רפאל דער וואכערניק מיט זיין רבקה'ן.

מאריאשע: וואס איז? וואס איז שוין ווידער?

חיה פעשע (גיעסט אריין איהר טיי אין בליודקע און בלאזט אויף איהם). וואס איז שוין ווידער? ווען האט עס דען אויפגעהערט? אבער היינט איז שוין דארטין דערגאנגען גאר-גאר ווייט. גראר מאכט זיך מיר, אז איך דארף זיין ביי זיי אין הויז און — וואס זאל איך אייך זאגען? וואס איך האב דארטין געזעהן, זאל נישט צוגעקומען ווערען אין קיין אידישען הויז.



טאמארע: זי האט איהם ווידער געשלאגען.

חיה פעשע: ווי הייסט, געשלאגען! ווי הייסט, געשלאגען! שלאגען צו שלאגען איז נישט גלייך. אז ער איז ארויס א לעבעדיגער פון איהרע הענד, איז ער שטארקער פאר אייזען. מי האט איהם פשוט געמוזט אבראטעוועז פון איהר. זי האט איהם א וואָרף געטאן אויף ד'ר'ערד און געטראטען מיט די פיס און... און... און וואס האט זי נישט געטאן מיט איהם?

יענקל (לאכט): א לוואט א ווייבעל.

חיה פעשע: „קום צום רב און גיב מיר גט!" האט זי געשריען. „קום צום רב און גיב מיר גט!" און ער — גארנישט, עפיס א קליפה אין איהם. איין אנדערער וואלט איהר צעהן גט'ן געגעבען, אבי פטור צו ווערען פון איהר, און ער מאכט זיך גארנישט וויסענדיג. נעמט אן די קלעפ, ווישט זיך אפ די ליפען, און ווי עס וואלט גארנישט געוועזען ווי נישט איהם מיינט מען גאר.

שמחה: א חמור! א חמור!

חיה פעשע: און דער סוף וועט זיין, אז ער וועט נאך אמאל בלייבען אונטער איהרע הענד.

טאמארע: אה, ווי שעמט זי זיך גארנישט!

יענקעל: זי איז גארנישט פון די שעמעוודיגע:

חיה פעשע: אי, איז זי א סחורה! אי, איז זי א סחורה!

מאריאשע: און וואס איז די אחריות? א מאן א ווייב מיט שלאגען? איז נישקשה, ווען עס געפינט זיך א ווייב, וואס שלאגט אמאל א מאן, הלואי וואלטען אלע ווייבער האבען איהר שכל.

טאמארע: שוויגער! שוויגער!

שמחה: שוויג! שוויג! בהמה! צעך צורעדט! מאריאשקע... מאריאשקע צעך צורעדט!

יענקעל: נא, נא, לא'מיר רעדען עפיס וועגען פרעהליכערע זאכען.

טאמארע: טאקע. וואס הערט זיך עפיס וועגען א דיענסט?

חיה פעשע: זעהט, קרוינעלעך, דעם עיקר האב איך גאר פערגעסען. ער האט געקראגען די קלעפ, און מיר האט זי פערשלאגען דעם קאפ. און איך האב דאך גאר קיין צייט נישט. איך האב מיך אוועקגעזעצט רעדען, אקוראט... ווי גארנישט [illegible]. איז הערט-נישט טא-מארעלע, איך בין געקומען צו אייך מיט לעדיגע הענד. נישט קיין

דיִענסט און נישט קיין שכן און... און... און... (שטעהט אויף). נאַ, אַ דאַנק. אַ דאַנק אייך פאַר טיי און האָט מיר אַ גוטען תמיד. איך דאַרף נאָך זיין ביי גוטקע נחומ׳ס און ביי חאַסיע דעם רב׳ס און דאַרף נאָך זיין, און דאַרף נאָך זיין... חיה פעשע, פערגעס דיך!

מאַמאַרע: איז וואָס וועט אָבער זיין דער סוף?

חיה פעשע: עס וועט שוין זיין, עס וועט שוין זיין. אַ גוטען טאָג אייך. (געהט אוועק).

מאַריאַשע: עפּיס קאָן מען זיך שוין מעהר אויף איהר גאָרנישט פערלאָזען. קיין דיענסט נישטאַ, קיין שכן נישטאַ. דערמאָנט זיך, ווי לאַנג זי פיהרט אייך שוין מיט אַ שכן. און איהר פערלאָזט זיך אַלץ אויף איהר, און דאָס צימער שטעהט דערוויילע לעדיג.

טאַמאַרע: דאָס אַרט מיך גאַנץ וועניג.

מאַריאַשע: די פאָר רובעל דערווייַלע געהען פון דעסטוועגען נישט באַרפיס.

שמחה: אַן עבירה... אַוודאי, אַן עבירה.

מאַריאַשע: מאָגט איהר זיך ווענדען צו אַן אַנדער מעקלערקע. נישקשה, אויף מיין אחריות. דבורה איז...

רבקה (קומט אַריין, אויפגערעגט, פערפּלאַפט): גוט מאָרגען!

מאַריאַשע (איבערראַשט): נאַ דיר, אַט האָסטו זי דאָ!

רבקה: וואָס עפּיס: „נאַ דיר, אַט האָסטו זי דאָ״?

יאַנקעל: מיר האָבען ערשט געהערט, אַז איהר׳ט עפּיס געהאַלטען מלחמה, האַהאַ.

רבקה: איהר׳ט׳אָס שוין געהערט? האַ, נו, וואָס זאָגט איהר דערצו? (שרייט אויף): אוי, איך קאָן שוין דאָס מעהר נישט אַריבערטראַגען! איך קאָן שוין דאָס מעהר נישט אַריבערטראָגען!

מאַריאַשע: נאַ דיר, אַט האָסטו זי! זי קאָן נאָך נישט אַריבערטראָגען.

רבקה: וואָס ווייסט איהר. וואָס איך שטעה מיך אויס. איך קאָן דאָך מיר גאָר אַרט קיין נישט געפינען דורך איהם. אַז ווי איך טו נאָר אַ קוק אויף איהם, פיהל איך, אַז ס׳עקען זיך מיר מיינע יאָהרען. און עס איז גאָרנישט פּטור צו ווערען פון איהם!

טאַמאַרע: דאַרף מען זיך אַזוי אויפפיהרען?

רבקה: אַי, אַז עס כאַפּט מיך אָן דער עקעל, ווערט איך רוג...



וואָס איך טו? איך פיהל אַז איך וואָלט זיך געקאָנט טאַכען אַ טויט אָדער איהם אַ טויט.

יאַנקעל: איהם נאַטירליך צוערשט.

רבקה: איך קאָן מיך נישט איינהאַלטען. איך פיהל, אַז ס׳העכט זיך מיר דער מח.

טאַמאַרע: פון דעסטוועגען.

רבקה: פון דעסטוועגען! אייך איז גוט צו רעדען. אָבער יעצט — אויס! אויס! זיין פּרצוף וויל איך נישט מעהר אָנקוקען, זאָל ער מיך נישט נעמ׳ן. אָבער איך וועל מיט איהם מעהר נישט וואוינען.

יאַנקעל: אין „פּראַטשקעס״. הייסט עס.

רבקה: רופט עס „אין פּראַטשקעס״, רופט עס, ווי איהר ווילט. איך האָב שוין מעהר קיין כח נישט צו איהם.

יאַנקעל: מיד געוואָרען שלאָגענדיג, ווי?

רבקה: איך וועל מיר דינגען אַ דירה און וואוינען באַזונדער. מיר וועלען זעהן, וואָס וועט זיין דער סוף, מיר וועלען זעהן. ער וועט מיך שוין דאַכט זיך אָבנעמ׳ן.

טאַמאַרע: איהר מיינט עס טאַקי ערנסט. אַט — מיט אייער פּראַטשקעס?

רבקה: אַוודאי מיין איך דאָס ערנסט. וואָס דען צוריק וועל איך צו איהם געהן. גיכער וועט ער מיר אין דר׳ערד געהן, איידער איך וועל געהן צו איהם צוריק. קענען וויל איך איהם נישט. איך בין איהם נישט מעהר זיין ווייב.

טאַמאַרע: איז וואָס וועט זיין פאַר אַן אופן.

רבקה: איז וואָס זאָל דאָס זיין פאַר אַן אופן? איך וועל מיר דינגען ערגיץ־וואו אַ צימער און וועל מיר וואוינען באַזונדער און ווענגען דעם בין איך טאַקע געקומען צו אייך.

טאַמאַרע: צו אונז?

רבקה: איהר האָט׳אָך צו פערדינגען אַ צימער, וואָלט איך געוואָלט איהם ביי אייך דינגען.

שמחה (שיקסט בייזו אַרויס): נישטאָ קיין צימער, נישטאָ!

רבקה (צו טאַמאַרען): וואָס איהר האָט שוין אייער צימער פערדונגען?

שמחה: מי דאַרף נישט! אויסקומען אָהן טועלבע שבנות! אין פּראַטשקעס גאָר!

. . . . . . .

רבקה: וואס נעהט דאס אייך אן, רב שמחה? איז אז איך קאן נישט לעבען מיט מיין מאן, דארף מען מיר קיין דירות נישט פֿערדרינגען? דארף איך זיך וואלגערן אין גאס אדער געהן אין טייך?

שמחה: אין „פראטשקעס"! אין „פראטשקעס"! מי נעהט נישט אוועק פֿון א מאן אין פראטשקעס.

רבקה: מי נעהט נישט אוועק! ווער עס געהט נישט אוועק, נעהט נישט אוועק, און ווער עס דארף יא אוועקגעהן, נעהט יא אוועק. איך בין נישט די ערשטע און נישט די לעצטע. ס'וועגדט זיך, וואס פֿאר א מאן מי האט.

מאריאשע: איז אז אייך האט שוין אזוי אנגעשפארט אוועקצוגעהן אין פראטשקעס, וואלט איהר דאך שוין בעסער אוועקגעפֿאהרען צו אייערע עלטערן אין דארף.

יענקעל: טאקע, די מאמע איז גערעכט. זי וועט נאך אמאל הערען א מיניסטער. פֿאר וואס זאלט איהר טאקע שוין נישט אוועקפֿאהרען אין דארף?

רבקה: יעדער טוט. ווי ער פֿערשטעהט. אז איך פֿאהר נישט, חייל איך דאך נישט אדער קאן איך דאך מסתמא נישט. איך האב מיך שוין אבגעוועהנט פֿון דארף און וועל דארטין איבערהויפט נישט קאנען לעבען.

טאמארע: אבער דאס וואלט געוועזען די גלייכסטע זאך.

רבקה: וואס האט איהר אזוי מורא צו פֿערדינגען מיר דאס ציממער? איך וויל איהם דאך נישט אומזיסט.

טאמארע: מורא?

יענקעל (לאכט געצוואונגען): מורא? וואס עפּים מורא?

מאריאשע: און אז מורא, איז וואס? פֿאר אן אקס ווייזט מען נישט קיין רויטע פֿאטשיילע, און ער דארף טאקע האבען א צו נאהנטע שכנה!

טאמארע (צולאכט זיך): אויף וואס די שווינגער קאן פֿאלען!

רבקה (לאכט אויך): נאר אזוי? וואס זאגט איהר, יענקעל? (קוקט אויף איהם מיט א נישט-כשר'ן בליק).

יענקעל (פֿערלעגען): אבער, מאמע, עה... וואס... וואס רעדסטו עפּים?

שמחה: גערעכט! גערעכט! די מאמע גערעכט! מע דארף נישט!



מאריאשע: זאל טאקע זיין מורא. מיר קענען אונזער צרה.

טאמארע: אבער, שווינגער, וואס רעדט' איהר עפּים? וואס זיינען דאס פֿאר א ווערטער?

מאריאשע: וואס מאכסטו פֿאר אן אנשטעל, וואס מאכסטו? דו ווייסט דען נישט, אז איך בין גערעכט?

יענקעל (מיט כעס): זאלסט עס אויפֿהערען צו רעדען, הערסטו? איך וויל דאס נישט הערען, פֿערשטעהסטו מיך!

שמחה: האדיע! וואס'ט צעך צושריען? אויף וועמען שרייסטע? שריי אויף די צייגער! אויף דער מאמען שרייט ער!

מאריאשע: און איך וועל ביי דיר פֿרעגען, וואס איך זאל רעדען! פֿאר וואס'ט צעך נישט אנגעכאפט אן איהר, אן דער כמיערער מציאה?...

רבקה: זעה, זעה נאר...

מאריאשע: ווייל דו האסט אליין מורא, ווייל דו ווייסט אליין בעסער, וואס פֿאר א דיבוק עס זיצט אין דיר, און פֿאר וואס האט זי זיך נישט אנגעכאפט?

טאמארע: אבער, שווינגער. וואס איז דא יא אנצוכאפען זיך אדער נישט אנצוכאפען זיך?

מאריאשע: דו זוכסט'אך א שכן, איז וואס...

טאמארע: אט נארנישט... חיה פעשע...

מאריאשע: נארנישט, חיה פעשע!... חיה פעשע האט דיר קיין שכן נישט געבראכט. נאר דו האסט פראסט מורא, און דו ביזט טאקע גערעכט. דו זאלסט טאקע מורא האבען, וועסטו קיין חרטה נישט האבען.

רבקה: פֿע, עס איז א בושה און א חרפה! וואס האט איהר ז'א מורא, אז איך וועל אראבפֿיהרען יענקלען פֿון וועג?

יענקעל: איך וויל נישט, מי זאל וועגען מיר אזוי רעדען און באסמא! וואס איז דאס עפּים פֿאר א רעד וועגען מיר? וואס בין איך עפּים. וואס?

רבקה: און וואס בין איך עפּים, וואס?

יענקעל: קאנסט זיך עפּים בעקלאגען אויף מיר, טאמארע? וואס האט איהר אציינד אויסצוזעצען אין מיר? וואס ווילט איהר, וואס?

טאמארע: דארפֿסט אזוי נישט שרייען און אבעסען זיך דאס הארץ. דו ווייסט גוט, וואס איך טראכט וועגען דיר. און אט זאל זאגען

די מאמע אליין, וואס האב איך מיט איהר פריער גערעדט. דאס קאן זי דיר אלץ נישט פערגעסען.

יענקעל: איז נישטא וואס צו רעדען. איז נישטא וואס מורא צו האבען פאר מיר. איז מאג זיך דארטין בעזעצען אפילו דער יצר הרע אליין.

טאמארע: איז גוט! (צו רבקה'ן): טא קומט אנקוקען דאס צימער.

יענקעל (אבגעקיהלט און פערלעגען): נאר אויב דו ווילסט נישט, אויב דו האסט מורא, פיעללייכט. איך ווייס... מאנסטו נישט פערדינגען אויך.

טאמארע: איך האב פאר קיינעם און פאר נארנישט נישט מורא. האב דו נאר נישט מורא פאר זיך אליין.

שמחה (מיט א קראפ איבער'ן טיש): און איך זאג, דאס צימער איהר נישט פערדינגען, זאג איך.

מאריאשע: האב נישט מורא פאר'ן יצר הרע, האב מורא פאר דער יצר הרע'טע!

רבקה: און וואס מיינט איהר עפים, איך וועל אויסהערען אלץ, וואס איהר וועט רעדען און נארנישט?

טאמארע: אך. מאלע וואס מי רעדט? קומט בעסער אנקוקען דאס צימער. (שלעפט זי צו דער ארויסגאנג-טיר).

רבקה: וואס בין איך דאס עפים? א פובליטשנע פרוי בין איך עפים? וואס רעדט איהר עפים אזוי ווענען מיר?... (זי ווערט ארויסגעשלעפט דורך טאמארען, וועלכע מאכט צו הינטער זיך די טיר).

שמחה (שפרינגט אויף): איהר ווילט איהר דוקא פערדינגען דאס צימער, טאטע-מאמע אויף צו-להכעיס?! גוט, פערדינגט איהר! מיין פום וועט דא מעהר נישט זיין. ד'זעה, וואס'ט שוין קומען. כאמוליע, גוי, בהמה! ער דארף זי דא נויטיג. אהן דעם מאן וועט זי דא וואוינען! אין פראטשקעס!... די געראטענע חורה!... שוין לאנג שטיל געהוזקן מיט דיר... מיין פום וועט דא נישט זיין... טפו!... כאמוליע!.. חם!...

מאריאשע: וואס, ער איז נישט נערעכט, וואס?

יענקעל: אט דערפאר, וואס איהר האט אזוי מורא, אט דוקא! איך קאן שוין מעהר נישט אריבערטראגען אייער מורא פאר מיר. עס קעהרט מיר זיך שוין אן די גרינגע גאל. ווען וועט עס שוין נעמען א סוף?



גוט, איך בין געוועזען... איך בין געוועזען אלץ, וואס אין א קארט, אבער איך בין עס דאך שוין נישט מעהר! וואס ווילט איהר פון מיר האבען. אייגענע טאטע-מאמע — די ערגסטע שונאים! אלע האבען מיר דאכט זיך פערגעסען, וואס איך בין געוועזען, און נאר איהר נישט. דאס איז דאך נישט אריבערצוטראגען! אייגענע טאטע-מאמע...

מאריאשע: אייגענע טאטע-מאמע! און דו אליין האסט דיר פערגעסען, וואס דו ביזט געוועזען? איך האב דען נישט געזעהן, אז דו אליין האסט זי נישט געוואלט. וואס'טו עפים געמאכט פאר א חנ'דלעך, וואס?

יענקעל: ווען אפילו? איז איך מאג, און איהר טארט נישט. איך מאג מורא האבען פאר זיך אליין, אבער איהר נישט. קיינער נישט, פערשטעהט איהר מיך! ווען א פרעמדער וואלט עס מיר געזאגט, וואלט איך איהם צוקוואשעט די מארדע. און איך וויל עס פון אייך אויך נישט הערען, פערשטעהט איהר מיך. איך אליין מאג, איהר נישט. און אציינד האב איך אויך קיין מורא נישט. מאג דארטין וואוינען דער יצר הרע מיט דער יצר-הרע'טע צוזאמען. מיט א נאקעטע יצר הרע'טע אפילו...

שמחה: ווערטער! ווערטער! ריידעלעך שיינע! מיין פום וועט דא נישט זיין...

יענקעל: זאל נישט זיין... קום נישט... ועסט זיך איבערבעטען... ניש'-קשה...

שמחה: שיין... גוט... זאל נישט זיין, זאגט ער... קום נישט... א פגירה זאל אויף דיר קומען!... כאמוליע!... איך וואלט געהאט מיין בייטש מיט זיך. וואלט איך... וועסט זעהן, ווארט, וועסט זעהן... נוי! מיין פום וועט דא נישט זיין... (געהט אוועק, א שמארקען קלאפ טועענדיג מיט דער טיר).

יענקעל: מ'צעך איבערבעטען, ניש'-קשה.

מאריאשע: „מ'צעך איבערבעטען, ניש'-קשה"! דו ווילסט שוין פטור ווערען פון טאטע-מאמען, אבי זי האבען פאר א שכנה. טרייב, טרייב, וועסט זיך שוין דערטרייבען... אבער דאס זאג איך דיר, לאמיך דערזעהן, אז דו הערסט אן צו מאכען דיינע אמאליגע קונצען, און טאמארע וועט אנהעבען וויינען נאך איהרע יאהרען און טעג...

יענקעל: דו זאלסט שווייגען, הערסטו! איך וויל דאס נישט הערען! זאלסט מיך לאזען צורוה! מאך מיך נישט משוגע, מאך מיך נישט!

טאמארע (אַליין אַרײַן): וואָס'ט'צעך אַזוי צושריען? וואָס טוט זיך דאָ? וואו איז דער שווער?

מאַריאַשע: מ'צעך צושריען! אויף די צײַנער זאָל ער שרײַען. ער קאָן ניִשט הערען, אַז מי זאָגט איהם דעם אמת.

טאמארע: דער שווער איז אַוועקגעגאַנגען? דאָס'ט ער דאָס אַזאַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר?

מאַריאַשע: וואָס דען? זײַן פּוס וועט שוין דאָ מעהר ניִשט זײַן, האָט ער געזאָגט.

טאמארע: ווער מיר ניִשט. וואָס איז דאָס פאַר אַ ווערטער?

מאַריאַשע: ער איז ניִשט געגעבען, וואָס? איהר וועט שוין זעהן, צו וואָס ס'וועט קומען בײַ אײַך מיט דער שטיק דאָ...

יענקעל: זאָל דאָס זײַן גענוג, האָב איך דיר געזאָגט, זאָל דאָס זײַן גענוג!

טאמארע: ווער מיר ניִשט, ווען איך וואָלט דאָס אַפריער געוואוסט... אָבער עס איז גוט אַזוי.

מאַריאַשע: וואָס איז דאָס גוט אַזוי, וואָס? וואָס דער שווער וועט מעהר ניִשט קומען?

טאמארע: נײַן, זאָל גאָט אויסהיטען, ניִשט דאָס, ניִשט דאָס. אָבער — עס איז גוט אַזוי... וואָס'ט'צעך אַזוי געמאַכט... איהר וועט...

מאַריאַשע: מאַכטערקע, איך זאָג דיר, דו דאַרפסט זי דאָ ניִשט האָבען.

טאמארע: זי איז שוין אַוועק נאָך איהרע זאַכען.

מאַריאַשע: וועט זי זײַ אַוועקנעמען צוריק.

טאמארע: דאָס געהט ניִשט, שוויגער.

מאַריאַשע: נו, אויב אַזוי, טאָ לאָ'מיך כאָטש ניִשט זײַן אין שטוב, ווען דאָס שטיק אומגליק וועט זיך אהער אַרײַנקלײַבען.

יענקעל: עס איז משוגע צו ווערען! וואָס האָבען זײַ זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ? משוגעים, פּראַים. וואָס האָט איהר זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ?

מאַריאַשע (צוגויפלעגענדיג די זאַק): אָט אַזוי אַ, רוף נאָך טאַטע-מאַמע משוגעים און פּראַים. אָט אַזוי אַ, לאָ'מיר פון דיר האָבען אַבּיסעל כבוד. — מיר וועלען שוין פון דיר האָבען כבוד. וואַרט מיר וועלען שוין האָבען.



טאמארע: שוויגער, ווירקליך, דאָס איז דאָך עפּיס אַ קינדעריי. וואָס האָט איהר זיך דאַרטין אַרײַנגענומען אין קאָפּ?

מאַריאַשע: זאָל זײַן, זאָל זײַן...

טאמארע: איהר דאַרפט'אָך ניִשט אַזוי אַנטלויפען.

מאַריאַשע: ווי פון פײַער דאַרף מען צו אַנטלויפען. איך ווייס, וואָס דאָס איז, איך ווייס. אַ גוטען טאָג!

טאמארע: אָבער, שוויגער...

מאַריאַשע (איילט אַרויס).

יענקעל: ס'איז משוגע צו ווערען! ס'איז משוגע צו ווערען! זײַ קאָנען איינעם טאַקע אויפ'ן פײַער אַרויפּבריינגען.

טאמארע: דו האָסט זײַ גוט אָנגעשראָקען פאַר אַלע דײַנע יאָהרען.

יענקעל: עס מוז דאָך אָבער שוין נעמען אַ סוף. טאָמער וואָלט איך שוין גאָר פערגעסען, וואָס איך בין אַ מאָל געוועזען, איז הערען זײַ ניִשט אויף צו דערמאַנען מיך, ווי אויף צו להכעים! ווי אויף צו להכעים!

טאמארע: וואָס אַרט דיך? אַבי דו ביזט שוין ניִשט דאָס, וואָס געוועזען. אַבי דו ווייסט, אַז דו ביזט שוין אַן אַנדער מענש.

יענקעל: אַבי איך ווייס! און דו ווייסט עס ניִשט?

טאמארע: דו ווייסט, וואָס איך ווייס, און בערוהיג זיך.

יענקעל: דאָס בלוט האָבען זײַ אויפגעקאָכט אין מיר. איך פיהל, אַז איך וואָלט איך ווייס ניִשט וואָס. שרײַען וואָלט איך אַ ציִנר, אויף וואָס די וועלט שטעהט. טשאַרט פּאָבערי, איך מוז געהן און קלאַפּען מיט'ן האַמער אויף דער נאַקאָוואַלנע!... עפּיס... (וואַרפט אום מיט די הענד, ווי ער וואָלט געקלאַפּט מיט'ן האַמער).

טאמארע (גלעט איהם): בערוהיג דיך, יענקעלע, בערוהיג דיך. קום, איך וועל מיך לעגען אויפ'ן דיוואַן. און דו זעץ זיך צו מיר צו און דערצעהל מיר עפּעס. (זי זעצט זיך).

יענקעל (אויפגערעגט זעצט זי צו צו איהר): זײַ קענען דיך ניִשט, דאָס איז די גאַנצע צרה, און זײַ קאָנען מיך ניִשט. זײַ מײַנען, אַז זײַ קאָנען מיך. אָסור, אויב זײַ הייבען מיך אָן צו קאָנען.

טאמארע: און דו קאָנסט דיך?

יענקעל: איך-ווייס? צו איך קאָן מיך? וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה? און ווער קען זיך דאָס ניִשט? אַוודאי קען איך מיך.

טאמארע: איז גוט, אַז דו מײַנסט אַזוי.

יענקעל: וואס הייסט, אז איך מיין אזוי? און דו מיינסט אנדערש?

טאמארע. איך מיין, אז א מענש קען זיך אזוי וועניג, ווי די אנדערע קענען איהם. אפשר נאך וועניגער.

יענקעל. דאס איז פאר מיר סתרי תורה. וועלכע איך האב אפילו פון רבין אין בית מדרש נישט געהערט.

טאמארע: אבער דאס איז אזוי. קיין מענש קען פאר זיך דערפאר נישט ערוב זיין.

יענקעל (בעליידיגט, שפרינגט אויף): ווילסטו זאגען, אז איך קען פאר מיר נישט ערוב זיין, אז איך וועל נישט אויסהאלטען, וואס איך האב פארגענומען? דאס ווילסטו זאגען, הא?

טאמארע: ווער דא רעדט וועגען דיר, שוטה׳לע? דו האסט בעוויזען, אז דו קאנסט אויספיהרען מיט זיך, וואס דו ווילסט, דער עיקר, מע דארף נאר קאנען וועלען, און דו האסט דאס געקאנט. קום, זעץ דיך ווידער לעבען מיר.

יענקעל (געהט ארום אויפגערעגט).

טאמארע, נו, ווילסטו נישט קומען צו מיר?

יענקעל (אומגעהענדיג): ווארט... האסט פריער געזאגט, אז ס׳איז גוט אזוי, וואס זי וועט וואוינען ביי אונז, וואס האסטו געמיינט דערמיט? פאר וואס איז דאס אזוי גוט?

טאמארע (פארזיכטיג): וואס האב איך דערמיט געמיינט? — נו, אודאי איז דאס גוט אזוי, אזוי ציטערן זיי אלץ פאר דיר, אז ס׳איז גאר א סכנה, דו זאלסט א קוק טון אויף א מיידעלש קליידעל, זאלען זיי איינמער זעהן, אז ס׳איז קיין סכנה נישט. איז עס נישט אזוי?

יענקעל: איך האב הושר געוועזען עפיס אנדערש.

טאמארע: וואס האסטו געקאנט חושד זיין, קינדעניו?

יענקעל (זעצט זיך צו איהר): אט גאר נישט. איך מיין, אז דו האסט געמיינט, אז דו אליין ווילסט מיך אויספרובירען.

טאמארע (פערלעגען): וואס דיר קאן איינפאלען!

יענקעל: האב איך נישט געטראפען, הא?

טאמארא, אי, געה!

יענקעל: ווען דאס וואלט געוועזען אזוי, וואלסטו מיך שטארק בעליידיגט.

טאמארע: טיק דארפסטו גאר אזוי נישט טראכטען.

יענקעל. איז אז די האסט אזוי נישט געמיינט, וועל איך אזוי



נישט טראכטען, פאר וואס ביזטו אבער אזוי רויט געווארען?

טאמארע: אי, געה, זעה, יענקעל, עפיס איז דאך יעצט גאר נישט אריבערצוטראגען פון דיר.

יענקעל: האהאהא, איך בין א פראסטער חי וקים. וואס אויף דער לונג, דאס אויף דער צונג.

טאמארע: געה, דו ביזט אצינדערט א שלעכטער מענש, דו שרעקסט מיך איצט.

יענקעל: איז ניין, ניין, ניין... איז, שא, טיק גיב מיר א גוטען קוש... אט אזוי א. און אוים! נישט מעהר רעדען. מיך פערדריסט שוין אויפ׳ן גאנצען עסק. טאמער זאלען מיר איהר טאקע נישט פערדינגען?

טאמארע: זי איז אוועק נאך איהרע זאכען.

יענקעל. צו וואס דארפען מיר זי דא טאקע האבען? א פרוי אין פראטשקעס! איך האב פיינד א אידענע אין פראטשקעס.

טאמארע: אצינד איז שוין צו שפעט, מען קאן זי דאך אזוי נישט מבייש זיין.

יענקעל: פטור נו, פראן דא פאר וועמען צו שעמען זיך.

טאמארע: זאג דו איהר אב, אויב דו ווילסט. איך וועל דאס נישט קאנען.

יענקעל: דו מיינסט׳אך נישט, אז איך האב מורא, זי זאל ביי אונז וואוינען?

טאמארע: העבט זיך נישט אן.

יענקעל: די עלטערן וועלען אבער מיינען, אז דו האסט זיך דערשראקען און משלח געוועזען זי.

טאמארע: דו וועסט זי דאך משלח זיין.

יענקעל: איך מיין, אז זיי וועלען מיינען, אז מיר האבען זיך פארט דערשראקען און אז זיי זיינען גערעכט, וואס זיי זיינען נישט זיכער אין מיר.

טאמארע: וואס נעהט עס דיך אן? די עלטערן וועלען זיין צופריעדען און זאלען זיי מיינען, וואס זיי ווילען.

יענקעל: דאס וויל איך נישט. איך וויל, אז קיינער זאל וועגען מיר נישט טראכטען, ווי וועגען דעם אמאליגען שאלמיק.

טאמארע: איז וואס ווילסטו?

יענקעל: זאל בלייבען ביים אלטען — הא? ווי? זאל זי זיך וואוינען דארטען ביי אונז. וואס ארט אונז. ווער זי איז? מיר וועלען דאך

סיי ווי סיי אפשר האָבען אַ שכנה, וואָס אַרט אונז, ווער עס וואוינט דאָרטען? נישט אַזוי, וואָס?

טאַמאַרע: פֿערשטעהט זיך.

יענקעל: וואָס רעדסטו מיר עפּעס אַזוי קורץ, אַקוראַט... אַקוראַט ווי דו וואָלסט עפּיס געטראַכט אַנדערש?!

טאַמאַרע: האַהאַהאַ, ביזט אָבער אַ מאָדנער מענש. אז מיך אַרט אין גאַנצען נישט. ווילסט זי משלח זיין, זאָל זי משלח; ווילסט, זי זאָל בלייבען, זאָל זי בלייבען.

יענקעל: ניין, עפּיס אין גאַנצען ווי דו רעדסט.

טאַמאַרע: ווילסט קלאָרע דיבורים?

יענקעל: אַוודאי קלאָרע דיבורים; נאָר קלאָרע דיבורים.

טאַמאַרע: דאַרפֿען מיר זי דאָ נישט האָבען. אז צוליעב איהר זאָל דער טאַטע צו אונז נישט קומען, לוינט זיך אַוודאי נישט.

יענקעל: איז דאָס ביי דיר אַן אויסרעד?

טאַמאַרע: אַ וואָס?

יענקעל: איך מיין, דו האָסטו דאָך נישט מורא.

טאַמאַרע: האַדיע רעדען! מעהר רעד איך שוין נישט מיט דיר וועגען דעם, זי וועט קומען, זאָל זי בלייבען.

יענקעל: דו דאַרפֿסט זיך נישט בעליידיגען.

טאַמאַרע: האָדיע רעדען! דו האָסט אַליין מורא פֿאַר זיך און דו זוכסט זיך און ווייסט נישט, וואָס דו ווילסט.

יענקעל: איך האָב פֿאַר מיר קיין מורא נישט, טאַמאַרע, נאָר איך וויל, אז איהר אַלע זאָלט נישט מורא האָבען.

טאַמאַרע: מיר האָבען עס שוין געהערט.

יענקעל: איז דאָס אַן עולה?

טאַמאַרע: איז גוט, איז גוט, עמיצער געהט דאַכט זיך צו אונז.

רפאל (קומט אַריין): גוטען טאָג. (זיין געזיכט איז צושלאָגען און צודראָפּעט).

יענקעל (און טאַמאַרע): גוטען טאָג.

רפאל: איז רבקה דאָ נישט געוועזען?

טאַמארע: געוועזען.

רפאל (זעצט זיך): האַהאַהאַ. ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט. וועגען אייער צימער, וואָס?

טאַמארע: יאָ.



רפאל: העהעהע, אין פּראַטשקעס חיל זי פֿון מיר.

יענקעל: זי האָט דאַכט זיך אייך אָנגעבראָכען די ביינער אויך, יוי? דאָס האָט זי אייך געמאַכט דעם סיניאַק.

רפאל: העהעהע, זי, זי אַליין, העהעהע...

יענקעל: אַי, רב רפאל, רב רפאל, איהר זייט דאָך עפּיס גאָר קיין מאַנסביל נישט.

רפאל: העהעהע, ווי הייסט, איך בין קיין מאַנסביל נישט? וואָס דען בין איך עפּיס? אַ אידענע בין איך, וואָס? העהעהע.

טאַמארע: ווי קאָן זיך אַ מאַן לאָזען אַזוי טרעטען מיט די פֿיס?

רפאל: אז מי האָט ליעב די ווייב, לאָזט מען זיך טרעטען מיט די פֿיס. העהעהע.

יענקעל: איהר זייט אַ גרויסער שוטה, זאָלט איהר מיר מוחל זיין. איידער צו ליידען פֿון אַזאַ אידענע, נעמט מען און מי שלאָגט מיט איהר כפּרות און מי שיקט זי אַוועק צו אַלדי שוואַרץ יאָהר. אויף דאַרויף איז דאָך עפּיס פֿאַראַן ביי אידען אַ גט. פֿאַר וואָס גט איהר זי נישט אָפּ? וואָס האָט איהר פֿון איהר?

רפאל: העהעהע... איז, הייסט עס, וויל זי זיך אַריינקלייבען צו אייך אין שכנות? העהעהע... און איהר וועט זי אַריינלאָזען? העהעהע...

יענקעל: פֿאַר וואָס זאָלען מיר זי נישט אַריינלאָזען? ווייל איהר ווילט זי נישט גט'ן?

טאַמארע: עס איז אַ רחמנות אויף איהר אויך. זי וויל גאָרט מיט אייך נישט לעבען.

רפאל: העהעהע... פֿאַר רחמנות האָט איהר גאָר נישט געדאַרפֿט חתונה האָבען מיט רב יענקלען. וואָרום העהעהע, זי האָט אויף איהם נאָך פֿריער געהאַט אַן אויג, העהע.

יענקעל: וואָס רעדט איהר דאָרטין, וואָס?

רפאל: העהע... אָט איהר געדיינקט'אָך. אז זי האָט זיך געוואָלט ביטען.

טאַמארע: זי האָט דאָך דאָס נישט געמיינט ערנסט.

יענקעל (אויפגעבראַכט): אַזעלכע וויצען מאַכט מען נישט, פֿערשטעהט איהר מיך. פֿאַר אַזעלכע וויצען קאָנט איהר נאָך קריגען פֿון מיר אַ חלק.

רפאל: וואָס האָב איך געזאָגט? איך האָב דאָך גאָר נישט געזאָגט. האָב איך דען געזאָגט. אז איהר'ט געהאַט אַן אויג אויף איהר?

יענקעל: וואס אויג? וועלן אויג?

רפאל: העהעהע... ביידע אויגען... ביידע אויגען האט זי נעהאט אויף אייך. די צרות האט זי מיר אנגעהויבען אנצוטון, ווי זי האט זיך נאר בעקאנט מיט אייך, ווי איהר זעהט מיך לעבען. העהעהע. גלייך ווי איהר האט מיט איהר צום ערשטען מאל א רעד געטאן אדער א שפיעל געטאן, העהעהע...

יענקעל: רעדט נישט קיין נארישקייט!

רפאל: העהעהע... אט גלייך פון דעם ערשטען מאל האט זי שוין אנגעהויבען שרייען, איך זאל זי גט'ן. גלייך האט זיך איהר פערוואלט פטור צו ווערען פון מיר און אריינכאפען אייך, העהעהע...

יענקעל: איהר ווייסט, וואס מיר ווילט זיך יעצט?

רפאל: העהע, פון וואנען זאל איך וויסען; וואס אייך ווילט זיך?

יענקעל: מיר ווילט זיך צוקיוואשען אייך די צורה.

טאמארע: אבער, יענקעל, שעם דיך!

רפאל (שפרינגט אויף): העהע... וואס עפיס? וואס האב איך דא אזוי געזאגט?

יענקעל: געהט אין אלדי-רוחות מיט אייער ווייב צוזאמען! געהט זאגט איהר, זי זאל זיך נישט דערוועגען צו קומען אהער, געהט שנעל, זי איז נעגאנגען נאך איהרע זאכען. זאגט איהר, אז איך וועל זי ארויסווארפען מיט די זאכען צוזאמען.

טאמארע: אבער, יענקעל!

רפאל: העהע, איך וועל עס איהר זאגען. אודאי וועל איך עס איהר זאגען, נאך ווי וועל איך עס איהר זאגען. איך לויף, און ווי נאך לויף איך. — נאך די זאכען איז זי שוין נעגאנגען? הערסטו! (געהט אוועק).

טאמארע: אבער, יענקעל, ווי אזוי האסטו געקאנט...?

יענקעל: זיין גט, וואס ער האט זיך אבגעטראגען. איך האב געפיהלט...

טאמארע: וואס'טו געהאט צו איהם נעבעך?

יענקעל: אזעלכע פאסקודסטוועס! פון שטוב וועל איך זי ארויס-טרייבען, אז זי וועט זיך דערוועגען צו קומען. דו פערשטעהסט א גאנג פון א פרוי?

טאמארע: איך פערשטעה גוט איהר גאנג. איך האב פער-שטאנען פון אנהויב אן.

יענקעל: דו האסט פערשטאנען? וואס האסטו פערשטאנען.



טאמארע: אז נישט אומזיסט וויל זי זיך בעזעצען דוקא ביי אונז.

יענקעל: און דאך האסטו זי געוואלט אריינלאזען.

טאמארע: איך האב פאר איהר קיין מורא נישט. דיך וועט שוין קיינער ביי מיר נישט אוועקנעמען.

יענקעל: דאך. דאס זאגסטו אצינדערט אזוי. און אנהייב האסטו זיך דערשראקען.

טאמארע: האב איך?

יענקעל: נאך ווי! מיין מאמע איז א קלוגע. זי האט עס גלייך ארויסגעלייענט ביי דיר ווי פון סידור.

טאמארע: האסטו זיך דאך אויך דערשראקען.

יענקעל: אבער דו האסטו זיך נישט געדארפט דערשרעקען.

טאמארע: שרעק איך מיך טאקע נישט.

יענקעל: אצינד, ווייל דו ווייסט, אז זי וועט דא מעהר נישט וואוינען.

טאמארע: איך האב דיר נישט געזאגט, דו זאלסט זי נישט אריינלאזען.

יענקעל: מילא, דו ביזט נערעכט,

טאמארע: יענקעל, איך וויל איבערהויפט נישט, דו זאלסט מיט מיר אזוי רעדען.

יענקעל: וועל איך שווייגען. איך געה אין קוזשנע.

טאמארע: און אזוי ועסטו פון מיר נישט אוועקגעהן. גיב מיר דיין האנד און...

רב אהרן און פרומע (קומען אריין): גוטען טאג.

טאמארע: זעה נאר, דער פעטער מיט דער מוהמען. אין א מיטען מיטוואך. גוטען טאג אייך. וואס עפיס בהדר אוועק פון קראם?

פרומע: טאר מען זיך נישט מאכען יום-טוב א מאל? מע דארף דאס זיין שטענדיג צוגעבונדען צו דער קראם? לאזט מען די בהדר'על אין קראם און אליין מאכט מען זיך א שטיקעל יום-טוב.

טאמארע: טאקע, וואס עפיס?

פרומע: זעה, טו נאר א קוק. מע טאר גאר שוין צו דיר נישט קומען?

טאמארע: די אנגעלענטע געסט. יענקעל, נעם זיך וויעדער צום סאמאוואר.

רב אהרן: נאין מיר ווילען קיין טיי נישט, מיר זיינען געקומען אויף א מינוט.

טאמארע: הייסט דאס, דאך עפּיס זעהר וויכטיג.

רב אהרן: דו ביזט גערעכט, מיר ווילען מיט אייך עפּיס איבעררעדען. דער שוועהר איז ביי אונז געוועזען אין קראם...

יענקעל (ברעכט אויס אין א געלעכטער).

טאמארע: נא, יעצט ווייסען מיר, אום וואס עס האנדעלט זיך.

פרומע: ווי איז אייך גאר איינגעפאלען אריינצולאזען אזא פּאסקודסטווע צו אייך אין שטוב?

טאמארע: איז דאס אזוי וויכטיג, אז איהר זייט אוועק פון קראם?

פרומע: וויכטיג צו נישט וויכטיג, דער לויזונג איז סיי ווי סיי נישט אזוי גרוים, ווען די געשעפטען ברענגען נישט, און דער שוועהר איז צוגעשטאנען, מיר מוזען ביידע געהן, זיינען מיר געגאנגען.

רבי אהרן: און עס איז טאקע וויכטיג אויך. איך וועל דיר זאגען דעם אמת, אז איך בין א פערצאפּעלטער געווארען, אז איך האב דערהערט, אז איהר ווילט איהר אבגעבען דאס צימער, ווארום ווערליג רפאל האט מיר דערצעהלט...

טאמארע: אך, מאלע וואס דער פרא אדם דערצעהלט!

פרומע: אין זיין געשעפט איז ער שוין דוקא קיין פרא אדם נישט.

רב אהרן: און אז צוואנציג מאל א פרא אדם, קיין ליגנער איז ער דאך נישט.

טאמארע: און וועמען ארט עס, וואס זי האט דארטין א מאל געטראכט און געפלאנעוועט.

רב אהרן: ווי הייסט? וואס רעדסטו, קינד? אזא פרוי האבען מיט זיך אונטער איין דאך, איז גאט ווייס, צו וואס דאס קאן קומען.

יענקעל: צו וואס קאן דאס קומען, צו וואס?

רב אהרן: צו וואס קאן דאס קומען, צו וואס? דארף איך דיר זאגען, צו וואס דאס קאן קומען?

יענקעל: צו גארנישט קאן דאס קומען, צו גאר נישט!

פרומע: א נייער צדיק אין פעלץ!

טאמארע: איהר דארפט נישט אזוי טראכטען וועגען איהם.

רב אהרן: אז איהר ביידע זייט אזוי זיכער, פרייט עס מיך זעהר שטארק, אבער וואס גלייכער, איז גלייכער, דערוויייטערט זיך פון א זאך, וואס קאן ברענגען צו אן עבירה, האבען אונזערע חכמים געזאגט.

יענקעל: ווי איהר זעהט מיך לעבען, אז... אז... איידער איהר



זייט געקומען האב איך געוועזען בעשלאסען, נישט אריינצולאזען זי צו מיר אין שטוב. דא איז געוועזען רפאל און איך האב איהם ארויסגעטריבען און אנגעזאגט, ער זאל איהר זאגען, אז זי זאל זיך נישט דערוועגען צו קומען. און א צינד, ווי איהר זעהט מיך לעבען, רייצט איהר מיך, איך זאל איהר דוקא פערדינגען דאס צימער.

רב אהרן: רייצען מיר דיך? ווי הייסט, רייצען מיר דיך?

פרומע: אט האסטו דיר גאר! מיר רייצען איהם? וואס האבען מיר דיר דא אזוי פוגע בכבוד געוועזען? וואס איז? מע טאר דיך חס ושלום נישט חושד זיין? ווי לאנג ביזטו דאס געוועזען אזא צדיק, אז דער יצר הרע קאן שוין אויף דיר קיין שליטה נישט האבען?

יענקעל (קרעכצט בייז ארויס): העי!

טאמארע (בייז): שטעלט אייך פאר, מומע, אז ער איז געווארען אזא צדיק!

פרומע: וואויל דיר, אז דו גלויבסט איהם.

טאמארע: איך גלויב איהם! איך גלויב איהם!

פרומע: שא, דארפסט'ך אויף מיר אזוי נישט שרייען.

רב אהרן: טאקע, דו דארפסט אזוי נישט שרייען. וואס זיינען מיר דען אויסען? מיר זיינען דאך אויסען בלויז דיין טובה.

פרומע: אבער ווי דאס הארץ האט מיר געזאגט, אז מיר זאלען נישט געהן און נישט אריינמישען זיך, און זאלען זיי טון, וואס זיי ווילען, אז זי איז אזא נאר און וויל זיך שפּיעלען מיט פייער, מא זאל זי זיך שלאגען קאפּ אן וואנד.

רב אהרן: ששש, אהן קללות, אהן קללות, מיר וועלען בעסער מיט גוטען איבעררעדען...

רבקה (קומט אריין, שטופּענדיג פאר זיך רפאל'ן, וועלכער טראגט א גרויסען פּאק קליידער, איינגעבונדען אין אדעקע).

רפאל! העהעהע... אט איז דא זי אליין. זאגט איהר, וואס איהר האט מיר געהייסען איהר זאגען. מיר גלויבט זי נישט, העהעהע...

רבקה: פקח מיינער. אויף א שיינער המציאה איז ער געפאלען, איך זאל אהער נישט געהן. ער האט געפונען, וועמען צו נארען. האט ער טאקע געדארפט מיר שלעפּען אהער דעם פּאק.

רפאל. איך האב איהם געשלעפּט אהער און וועל איהם שלעפּען צוריק, העהעהע...

פרומע: און טאך עס טאקע וואס ניבער.

רב אהרן: זי וועט דא נישט מאוינען און נעם טאקע צוריק דעם פאק.

רפאל: העהעהע... זעהסטו. הא? העבט דעם פאק.

רבקה (רייסט ביי איהם ארויס דעם פאק): ווארט, האב נאך צייט. עפּיס אזוי פיעל בעלי-בתים דא. ווענדט זיך צו יענקלען און טאמא-רען. וואס וועט איהר עפּיס זאגען, הא?

רב אהרן: ערשטענס, וואס איז דאס פאר אן אופן אונבערהויפּט אנטלויפען פון מאן, אוועקגעהן אין פּראטשקעס? וואו האסטו דאס גע-זעהן? האט זיך דיין מאמע אויך אזוי אויפגעפיהרט?

פרומע: איהר וויל ער זאגען מוסר, די פערשטאלבענע אויגען!

רבקה (צו פרומען): און איך וויל טאקע נישט מע זאל מיר זאגען מוסר! איך קאן אויסקומען אהן מוסר-זאגען אויך. ווען איהר וואלט גע-פרובט לעבען מיט אזא מין שלאג...

רפאל: העהעהע...

רבקה: וואלט איהר געוואוסט. ווי מען אנטלויפט אין פּראטשקעס, וואלט איהר געוואוסט אלץ, וואלט איהר זיך געוואונדערט, וואס מע ווארפט זיך נישט אריין אין טייך.

פרומע: דער בעסטער ארט פאר דיר.

רבקה: ווער עס וויל אין טייך, מאג א הינצו געהן.

רב אהרן: ששש... און צווייטענס, אז דו ווילסט שוין אוועק אין פּראטשקעס, טיק האב דיך אכטציג שווארצע יאהר און געה, אבער וואס דארפסטו דוקא דא ווערען דינגען א צימער? דו חצופה דו, דיך פערדריעסט, וואס ער לעבט דא רוהיג? א אשת-אישניצע ווילסטו ווע-רען? וואס מיינסט זיך דיר, וואס?

רבקה: ווי?!.. וואס?!...

יענקעל (קריכט ווידער ביין ארויס): הע! (צו רבקה'ן). איהר האט ביי מיר געדונגען דאס צימער? טיק נעמט אייער פאק און פער-נעמט זיך אהין! געהט! שנעל! שנעל! (גיט א שטויס דעם פאק מיט'ן פוס צו דער טיר).

רבקה: וואס איז דאס פאר אן אופן, וואס? וואס טוט זיך דא, וואס? איהר מיינט, איך וועל מיך עפּיס לאזען?!

יענקעל (גאנץ אויסער זיך): געהט! געהט! איהר וועט זיך אויס-טענען שפעטער. געהט! (שטופט זי). געהט, אז נישט, וועל איך אייך טאקע ארויסווארפען אין גאנצען. געהט! (שטופט זי ארויס בייט'ן פאק)



רפאל: וואס איז דאס? וואס איז דאס? וואס מיינט ער זיך עפּיס?

יענקעל (כאפּט איהם אויך אן): און איהר אויך! און איהר אויך! געהט צו איהר! געהט אין דר'ערד! טראגט אייך אב פון מיינע אויגען! (שטויסט איהם ארויס און מאכט צו די טיר מיט א קלאפּ, רפאל שרייט דארטען נאך עפּיס הינטער דער טיר).

טאמארע: אבער, יענקעל! אבער, יענקעל, קום דאך צו זיך!

פרומע: ער איז דאך גאר פשוט משוגע געווארען!

רב אהרן: וועה מיר נישט! וועה מיר נישט, דער גיהנום וועט איך דאך דא אויפעפּענען!

יענקעל: נישט אייער באבעס דאגה!

טאמארע: ששש, בערוהיג דיך, בערוהיג דיך.

פרומע (צו רב אהרן'ען): איך האב דיר אבער געזאגט, אז מיר זאלען נישט געהן, אז מיר דארפען זיך נישט אריינמישען. איך האב געוואוסט, מיט וועמען מיר האבען דא צו טון. (נעמט איהם אן פאר דער האנד). אצינד קום, מען זאל נאך אונז אויך נישט ארויסווארפען. (פיהרט איהם צו דער טיר).

רב אהרן: וועה מיר נישט, דער גיהינום, דער גיהינום!

יענקעל: נישט אייער באבעס דאגה!

טאמארע (פערשטאפּט איהם דאס מויל מיט דער האנד).

יענקעל (נעמט אראב איהר האנד פון זיין מויל און שרייט נאך די אוועקגעהענדיגע): איך בין אזא צדיק ווי איהר!

טאמארע: בערוהיג דיך! בערוהיג דיך! האסט גוט אזוי גע-טאן. (התפעריש). ס'איז גוט אזוי! (הינטער דער טיר א געריש פון קולות).



אין אַ חודש אַרום.

אין דער קוזשנע, פאַרנט ליִנקס אַ טויער, וואָס פיִהרט צו דער גאַס, רעכטס אַ טיר, וועלכע פיִהרט צום הויף, אין דער היִנטער־וואַנד צוויי קליינע פענסטער מיט פערראָסטע שויבען, דורך וועלכע עס דריִנגט קוים דורך די שיין, דער אויווען שטעהט אין מיטען, מעהר צו דער היִנטערוואַנד צו, דער ביאַזשאַק און די גאַקאַ־וואַלגע מיט די האַמערס געפיִנען זיִך ביים אויווען נעהנט פאַרנט צו. ליִנקס אין ווינקעל ביי דער היִנטערוואַנד שטעהען אַ גרויסער שלייפשטיין און אַ צעבער וואַסער. די פּאָדלאָגע איז אָנגעוואָרפען מיט שטיִקלעך אייזען, ביי די וואַנד ליִעגען אַלטע האָלאָבליעס, צעבראָכענע אַקסען, רונגעס א. ז. וו.; אַלטע רעדער שטעהען אָנגעשפּאַרט אָן די וואַנד און אויף די וואַנד הענגען פערשיעדענע געצייג. — אין קוזשנע הערשט אַ האַלב דונקעל, פון הויף הערט זיִך בעוואַגנ: מען זיִנגט אַ פרעהליִכען אידישען ניגון. —

---

אַ בעל עגלה (שטעהט אין טיר, אונגעדולדיג, אימליכע חיילע אַרויסקוקענדיג דורך דאָס טויער, שרייט אַרוים אין הויף): נאַ, וועט ער שוין אַ מאָל קומען? ווי לאַנג דאַרף מען אויף איהם וואַרטען?

רבקה: פון הויף. ער קומט גלייך! ער קומט גלייך!

דער בעל עגלה: אז שוין נאָכ׳ן ברית און נאָך דער סעודה, איז וואָס געדויערט דאָס ביי איהם אזוי?

רבקה: ער געהט שוין! ער געהט שוין!

דער בעל עגלה: אַ שיינער „ער געהט שוין". אַ שעה, אז איך וואַרט אויף איהם. (ער לויפט צום טויער און שרייט אַרוים). אוועק פון וואַ־

נען, אוועק! איך כאַפּ גלייך די בייטש, (לאָזט זיך לויפען, מען הערט איהם שרייען). אַ חלי־רע זאָל אויף אייך קומען! ווי די היישעריקען זיינען איר בעפאַלען! (מען הערט אַ געלעכטער פון אַנטלויפענדיגע קינדער). דער בעל־עגלה קומט צוריק. און ער געהט נאָך אַלץ נישט. (קוקט אַרויס אין טיר). גאַ, דאָ קומט ער. דער מאַכער, קוים מיט צרות!

יענקעל (אין הויף): נאַ, וואָס האָט אייך דאַרטען אַזוי אָנגעשפּאַרט? היינט אַרבייט איך נישט. ניטאָ היינט קיין אַרבייטען. (קומט אַריין שטאַרק אויפגעלעבט און אַ ביסעל בעטרונקען און ברומט אונטער דעם פרעהליכען ניגון, וועלכע האָט אויפגעהערט אין הויף).



דער בעל עגלה: איך וועל אייך געבען נישט קיין אַרבייטען ביי מיר האָט זיך די אַקס צובראָכען.

יענקעל: די אַקס צובראָכען? נו, איז מילא, איז זי צובראָכען. קומט בעסער אַריין און מיר'ן מאַכען לחיים. די אַקס וועט געזונד ווערען מאָרגען.

דער בעל עגלה: מאָרגען, איך וועל אייך געבען אַ „מאָרגען"! (ווייזט איהם אויף די גאַס). קומט זעהט, וואָס עס טוט זיך: אַ פולער וואָגען מיט עפּעל. — זאָל איך איהם אפשר לאָזען נעכטיגען דאָ אויפ'ן גאַס און אויף זיין ביי איהם און היטען איהם?

יענקעל: היינט ווערט ביי מיר נישט געאַקבייט, דעם אַרבייטער האָב איך געגעבען היינט פריי. היינט איז ביי מיר אַ גרויסער יום־טוב, פערשטעהט איהר מיך „אַ ברית". איהר פערשטעהט, אַ ברית! אַ בכור נאָך דערצו, ווערט נישט געאַרבייט. מיר שלעפּען אַריין דעם וואָגען אין הויף און איך בין אייך ערוב פאַר די עפּעל.

דער בעל עגלה: דרעהט מיר קיין קאָפּ נישט, די עפּעל מוז איך אָבפיהרען נאָך היינט. ס'איז דאָך שוין נאָך דעם ברית און נאָך דער סעודה, איז וואָס ווילט איהר נאָך ווייטער?

יענקעל. היינט ווערט נישט געאַרבייט און באַסטאַ, נישט גערעדט. קומט, מיר וועלען אַריינשלעפּען דעם וואָגען אין הויף, נאָכדעם וועט איהר אַריינגעהן מיט מיר אין שטוב און מיר'ן מאַכען לחיים.

דער בעל עגלה: אָסור זאָל מיר זיין, אויב איך וועל אייך אָבלאָזען. די עפּעל מוז איך נאָך היינט צופיהרען צו דער לייווע, די לייווע געהט היינט ביי דער נאַכט אוועק.

יענקעל: אין אַלדי רוחות, פאַר וואָס זייט איהר נישט פערפאָהרען צו ברוך'ן? ביי מיר איז היינט יום־טוב.



דער בעל עגלה: פאָלג מיך אַ גאַנג, אַז די אַקס האָט זיך דאָ צובראָכען, האָב איך מיך געוואָלט שלעפּען צו ברוך'ן! ווי וואָלט איך אַהין דערפאָהרען?

יענקעל: קאָן נישט העלפען. ווערט נישט געאַרבייט. זאָל דויכען שבת.

דער בעל עגלה: חכם, שבת וואָלט זיך דאָך דאָס ביי מיר נישט געמאַכט, שבת וואָלט דער וואָגען געשטאַנען ביי מיר אין הויף.

יענקעל (אויפגעבראַכט): איז וואָס ווילט איהר? זאָל איך מיר צוליעב אייך פערשטערען מיין שמחה?

דער בעל עגלה: איז וואָס ווילט איהר, אַז צוליעב אייער שמחה זאָל איך נעמען און ווערגען זיך מיט די עפּעל?!

יענקעל: איז דאָס אפשר מיין באָבעס דאגה?

דער בעל עגלה: איהר זייט דאָך אָבער אַ מענש מיט אַ הארץ, דאַרפט איהר דאָך עפּיס רחמנות האָבען אויך.

יענקעל (אָבגעקיהלט): אַז אויסער דעם וועל איך גאָרנישט קאָנען אַרבייטען. איך האָב היינט, פערשטעהט איהר מיך, געמאַכט אַ זאַק פאַר אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר.

דער בעל עגלה: פּטור, נו, אויך אַ זאַך.

יענקעל! און ווי וועל איך דאָס קאָנען מאַכען, אַז איך האָב נישט רחמיאל'ן ביי מיר?

דער בעל עגלה. איהר וועט אייך שוין אַן עצה געבען.

יענקעל: אין אַלדי קאַדיק זאָלט איהר געהן! וואָס'ט צעך דאַרטין ביי אייך צובראָכען?

דער בעל עגלה: איהר'טאָך געהערט. די אַקס!

יענקעל: נאַ, אַ שיין שטיקעל אַרבייט. נאַ, געהט מאַכט נאָר לייכטער דעם וואָגען, איך וועל געהן אַראָבנעמען פון מיר דעם יום טוב און פערנאַנדערבלאָזען אַ פייער. — הם, אַזוי נעמען און פערשטערען די שמחה (געהט אַרויס אין הויף; דער בעל עגלה געהט אַרויס אין גאַס).

רבקה'ס (שטימע אין הויף נאָך אַ לייענגערע פּויזע): פּטור, נאָר, איהר וועט זעהן, ווי איך וועל עס קאָנען. (קומט אַריין אָנגעטאָן מיט אַ גרויסען פאַרטוך, איבער זיך און נעמט זיך פערנאַנדערצובלאָזען אַ פייער, אונטערזינגענדיג שטיל פאַר זיך).



יענקעל (קומט אַריין אין אַ ווייסע אַרום, איבערגעטאָן אין זיינע אַרבייטסקליידער און אַ פלאַש בראָנפען אין האַנד): מאַקע, וואָס דאַרפט איהר

איַיך עוסק'ן? דאָס איז נישט פאַר איַיך קיין מלאָכה, און איהר האָט זיך היַינט שוין גוט אָנגעהאָרעוועט.

רבקה: פטור, נו, אויך מיר האָרעוואַניע. געסאָרוועט א ביסעל,

יענקעל: איהר וועט איַיך אָבער מאַכען גאַנץ שוואַרץ.

רבקה: וועל איך ווערען א שוואַרץ־חנ'עוודיגע. רויטע באַקען מיט שוואַרצע פלעקען — נאָר א קראַסאַוויצע. (דריקט דעם בלאָזזאַק און זינגט).

יענקעל: גיעה איך דערוויַילע צום שלאַק דאָרטין, וועל איהם העלפען אראָבנעמען פון וואָגען און אַרויסנעמען די אַקס (געהט ארויס אין גאַס). נו, שלים מזל איַינער, וואו האַלט איהר?

דער בעל עגלה: אָט, ווי איהר זעהט. קומט העלפט, אין צוויַיען וועט זיַין שנעלער.

יענקעל: אַ בעלנות צו פערשטערען א שמחה. נאַ, צוערשט לאָ'מיר כאָטש מאַכען לחיים. (מען הערט זיי צווינשען זיך לחיים).

רפאל (קוקט אריַין אין טיר, ציעהט זיך צוריק און בעוועגט זיך וויַי־דער; בלייבט אַזוי שטעהן מיט'ן קאָפ אין טיר). העהעהע, ווערסט טאַקע א שמיער?

רבקה (ווי דערשראָקען פון זיַין שטימע): טפוי, אַלע בייזע חלומות צו דיַין קאָפ! וואָס ווילסטו דאָ? וואָס ביזטו געקומען? טרעט אָפּ מיט גוטען, וואָרום איך וועל דיר געבען מיט אן איַיזען אין קאָפ.

רפאל: העהעהע, גלייך ווערסטו אין כעס. איך בין געקומען א קוק טון, ווי דו אַרבייטסט, איך טאָר נישט קומען א קוק טון?

רבקה: אָבער טראָג זיך גלייך אָפּ, הערסטו! האָסט נישט וואָס צו קומען נאָכקוקען מיר.

רפאל (קומט אריַין אין קוזשניע): היַינט בין איך א גאַסט ביַי יענקלען. היַינט בין איך ביַי איהם אויף א ברית, מאָג איך דאָך זיַין, וואו איך וויל. מאָג איך דאָך אַריַינקומען אין קוזשניע אויך. א פשיטא שוין, אַז אין קוזשניע געפינט זיך מיַין וויַיבעל.

רבקה: דיַין וויַיבעל? איך בין נישט דיַין וויַיבעל! האָסטו געהערט?

רפאל: נישט מיַין וויַיבעל? פטור, נו! אַז דו ביזט שוין אין פראָטשקעס, ביזטו שוין נישט מיַין וויַיבעל? גיעה, קינד, ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? כל זמן איך האָב דיך נישט אָבגעג'גט, ביזטו נאָך אַלץ מיַין וויַיבעל.

רבקה: זאָלסט בעסער מיט גוטען אוועקגעהן.



רפאל: העהעהע, וואָס שריַיסטו אַזוי, נאַרעלע? דאָך נישט דיַין קוזשניע, מילא, דו לאָזט מיך נישט אריַין אין דיַין חדר. איז, נו... דיַין חדר, שליַיסט איהם צו און פאַרטיג. אָבער די קוזשניע איז דאָך נישט דיַינע.

רבקה: הערסטו, אויב איך וועל אצינד...

רפאל: אך, רבקה, רבקה, דו האָסט גאָרנישט גאָט אין האַרצען. ווי קאָן דאָס א מענש נישט האָבען גאָט אין האַרצען?..

רבקה: געהסטו נישט אַוועק?!

רפאל: ששש... מילא... אך... העהעהע, הערסט'אך, דו חיַיסט' אך די פערל, וועלכע מאַלקיניכע האָט ביַי מיר פערזעצט, היַינטיגע וואָך איז געוועזען דער סראָק און זי האָט זיי נישט אויסגעקויפט, האָב איך מיר א טראַכט געטאָן, אַז ווען מיַין וויַיבעל וואָלט געוועזען אין דערהיים, וואָלט זי יעצט געהאַט א שניַירעל פערל.

רבקה: ווערג זיך מיט זיי! גיב זיי דיַין צווייטער וויַיב...

רפאל: מיַין צוויַיטער וויַיב? העהעהע, איך וויל זיך נאָר מיט דיר עלטערן! (פון דרויסען הערט זיך; ווי מען העבט דעם וואָגען, קרעכצענדיג סאָפּענדיג).

יענקעל (אין גאַס): העכער א ביסעל... נאָך א ביסעל העכער... אָט אַזוי א... אוף!...

רפאל: העהעהע, ווילסטו אפשר זעהן די פערל?

רבקה (וואַרפט זיך צו איהם מיט די קולאַקעס): זאָלסט גלייך אַרויס־געהן פון דאַנען! זאָלסטו גלייך אַרויס!

רפאל: גיעה איך, גיעה איך. נאָר אָהן כעס. (געהט ארויס).

רבקה: דיַין זוואַניע זאָל דאָ נישט זיַין! (געהט צוריק צום בלאָזזאַק).

יענקעל (דרויסען): נאַ, און יעצט נאָך א „לחיים". — לחיים! אָט אַזוי א. (גלייך קומט ער אריַין מיט דער אַקס, נאָך איהם דער בעל עגלה, וועלכער בליַיבט שטעהן אין טויער).

דער בעל עגלה: און מאַכט עס א ביסעל ניכער, יענקעל, מאַכט עס א ביסעל ניכער.

יענקעל: איך וועל עס שוין מאַכען גיך, איך וועל עס שוין מאַכען.

דער בעל עגלה: איך וועל דערוויַילע כאַפען א דרימעל ביַי די עפעל. (געהט אוועק):

יענקעל: עס חילט זיך מיר אזוי ארבייטען, ווי עס חילט זיך מיר...

רבקה: נעהן טאנצען.

יענקעל: העע—ע, טאנצען וואלט איך שוין גראד געוואלט. עס בייסט מיר אין די פיס. אך, וואלט איך דאס א טאנץ געטאן! (העבט אן צו זינגען דאס פרעהליכע רעדעל און טאנצט).

רבקה (דריקט דעם בלאזזאק, לאזט אונטער דעם ניגון און טענצעלט אונטער אויף איהר ארט).

יענקעל: עה, אזוי נעמען און פערשטערען די גאנצע שמחה. (לעגט אריין אן אייזען אין פייער).

רבקה: איהר'ט אבארבייטען וועלען מיר נאך נעהן א טענצעל.

יענקעל: און נאך וויין! און א „לחיים" אויך נאך מאכען, און מאקע גלייך. (ער טרינקט).

רבקה: איהר האט שוין היינט גענוג געטרונקען.

יענקעל: פטור, נו! היינט איז מיין טאג. ווי געפעלט אייך עפיס מיין זוהנעניוק, הא? (נעמט א האק און האקט ארום עפיס אויף דער אקס).

רבקה: דער טאטע מיט די ביינער.

יענקעל: א יאטעל, הא? העהעהע, א חברה־מאן, הא? א געענד איהם אין אלע גליעדער. ווי ער האט עס נעבעך געשריען, א געמבע א ביסעל, העהעהע... אויסגעקושט וואלט איך איהם אלע גליעדערלעך. א־א־א פוטשע—מוטשע—רוטשע... העהעהע. (זינגט און טענצעלט),

שמחה (קומט אריין פון הויף אנגעטאן שבת'דיג): דאס ארבייטסטו דא אזוי? טאנצט גאר.

יענקעל: טאטע, עס העבט די פיס! אז דו וועסט היינט נישט טאנצען, וועסטו זיין ערגער ווי איך ווייס נישט וואס. האסט זיך געריכט אויף אזא איינקעל? זאג אליין. אזא יונג מיט ביינער, אזא גראבאטש, אזא — (בלאזט אן די באקען –) אזא פפו... העהעהע, טיק קום א טענצעל? (פערלעגט מיט איהם די הענד אויפ'ן אקסעל, זינגט).

שמחה (נעמט אוועק זיין האנד): ארבייט און קום אין שטוב, אין שטוב טאנצען.

יענקעל: העהעהע. אין שטוב. אין קוזשנע. ד'וועל היינט אומעדום טאנצען, העהעהע... דו ביזט נאר אזא... העהעהע, זעהסט אבער, איך האב געזאגט, אז דו וועסט זיך איבערבעטען. איך האב געוואוסט. ווער עס וועט קומען. מיט א מאל נעססטו און ווערסט מיר ברוגז, עך,



טאטוליע, אז אט—אט האט געראראפט אנקומען אזא גאסט, ווערסטו ברוגז.

שמחה: דו שוויינ שוין בעסער, שוויינ, שוויינ. בהמה.

יענקעל: זיי דאך אמאל מודה, אז דו ביזט אריבערגעפאלען? וואס ביזטו מיט א מאל ברוגז געווארען, וואס? וואס'ט צעך דערשראקען. דער יצר הרע אין שטוב! העהעהע... אט איז זי שוין א חדש אין שטוב... און וואס? איז זי, ווער קוקט זיך אויף איהר אום... (די לעצטע ווערטער רעדט ער ארויס, ווי ער וואלט זיך דערלאפט און ענדיגט זיי אונטער דער נאז).

רבקה: רב יענקעל, די אייזענס זיינען שוין רויט ווי צונטער.

יענקעל: זאל נאך ליעגען. — זעהסטו, הא, טאטוליע? ברוגז געווארען.

שמחה: וואס'ט'צעך צורערט? וואס'ט'צעך צערעדט? ארבייט! ארבייט!

יענקעל (נעמט ווידער די האק): איך וועל שוין ארבייטען.

שמחה: מאך פארטיג און קום אריין אין שטוב.

יענקעל: דאס חיל איך טאקע. וואס ביזטו אוועק פון שטוב?

שמחה (מיט א בייזען בליק אין רבקה'ס זייט): איך האב מיך פערבענקט נאך דיר.

יענקעל (איז שטעהן געבליעבען אין זיין ארבייט און האלט אנגעשטעלט אויף איהם זיין בליק): אהא, האסט מורא געהאט צו לאזען מיך אליין מיט איהר? הא, דאס האסטו מורא געהאט? טיק געה גלייך אריין אין שטוב, אבער גלייך! (שטופט איהם צו דער טיר).

שמחה: דו דו!... דו נישט שטופ זיך, פערד! ד'וועל וועלען. וועל איך אריינגעהן, ד'וועל וועלען, וועל איך דא שטעהן.

יענקעל: געה, געה, אבער שנעל. — אדער ווארט, איך האב פאר דיר א גאנג, געה און רוף מיר רחמיאל'ן, איך דארף איהם האבען. איך וועל אליין נישט קאנען עס מאכען, געה, געה! געה אויף גיך!

שמחה: דו טרייב מיך נישט, בין נישט דיין טאטענס משרת.

יענקעל: געה, געה, טו א טובה, אז נישט וועל איך נישט פארטיג ווערען. אונגעדולדיג. געה האב פאר גאר נישט מורא!

שמחה: מיין טייערער קדיש, דו! באמוליע! פערד! (געהט אוועק מיט ווילעגדיגערהייט, מיט חשד־אויגען בעטראכטענדיג די ביידע).

רבקה (דריקט דעם בלאזזאק, לאנגזאם, מיט איין האנד קוקט אין פייער מיט איין ערנסטען געזיכט, גאנץ פערפראכט).

יענקעל (לאזט אראב מיט כעס דעם האק אויף די נאקאוואלנע און קרעכצט ווייטהענד אב): די גרינגע גאל געהט זיך אן!

רבקה: דארף מען נאך בלאזען? די אייזענס זיינען שוין אזוי רויט.

יענקעל (בלאזט אב פון זיך): פוי!

רבקה: וואס'ט איהר געדארפט אזוי אויפגעקאכט ווערען? פון אלץ ווערט איהר נתפעל! זיי וועלען מורא האבען, מורא האבען, און וועלען אויפהערען. איך וועל מסתמא באלד גאר אוועקפאהרען אין דארף.

יענקעל (דערבלאזענדיג איהרע ווערטער מיט בייזקייט): הע!

רבקה: איהר דארפט שוין א ודאי ארויסנעמען די אייזענס.

יענקעל (קומט צום אויווען): ניין, בלאזט נאך, (לעגט ארויף זיין האנד אויף איהרע און העלפט דריקען דעם בלאזזאק).

רבקה (לעגט ארויף איהר אנדער האנד אויף זיינע און דריקט, אנלעגענדיג זיך מיט'ן גאנצען קערפער): זייט איהר נאך אלץ אין כעס, הוס?

יענקעל (לאכט גוטמוטיג שכורלעך): זיי האבען מורא! מורא האבען זיי!

רבקה: אבי איהר האט נישט מורא, מאכט נישט אויס.

יענקעל: העהע... און ווער זאגט אייך, אז איך האב נישט מורא?

רבקה: ווי הייסט, ווער זאגט מיר? וואס דען? מורא האט איהר?

יענקעל (פאטשט איהר מיט דער אנדער האנד אויף די באק): אי, א ווייבעל זייט איהר! (כאפט זיך גלייך, נעמט אוועק אויך די אנדער האנד און געהט אב פון איהר).

רבקה: איהר האט אבגעברענט די האנד, וואס?

יענקעל (מאכט זיך צו שפאסען מיט עפיס): ווייסט איהר נישט, וואס קומט שוין נישט רחמיאל? דעם טאטען אז מע שיקט.

רבקה (רחמיאל וואוינט א מהלך רב): איהר דארפט האבען א שומר? איך קאן אריינרופען רפאל'ן.

יענקעל (פערלעגען): העהע... ניין, ס'איז שוין צייט ארויסצונעמען די אייזענס... העהע... רעכענט איהר באלד אוועקצופאהרען אין דארף?

רבקה: איך ווייס, איך רעכען, וואס איז, איהר וואלט וועלען פטור ווערען פון מיר?

יענקעל (פערלעגען): גאר עפיס... פאר וואס זאל איך דאס וועלען?

רבקה: איך ווייס, אבי נישט האבען א יצר הרע'טע און שטוב.



יענקעל: העהע, א יצר הרע'טע זייט איהר שוין.

רבקה: בין איך? טאקע? וואס איהר קאנט זאגען: איהר קוקט'אך גאר נישט אין מיין זייט?

יענקעל: העהע... הלואי וואלט דאס געוועזען אמת.

רבקה: גאר אזוי? איהר האט יא געקוקט אין מיין זייט? און איך האב דאס גארנישט געוואוסט.

יענקעל: איהר זייט שוין איינמאל א יצר-הרע'טע. מי טאר אייך נישט אריינלאזען אין א אידישע שטוב, און פאהרט טאקע אוועק אין דארף, פאהרט, און וואס שנעלער, אלץ בעסער, און אצינד קאנט איהר געהן אין שטוב, געהט.

רבקה: זעהט, וואס עפיס מיט א מאל? וואס טרייבט איהר מיך?

יענקעל: ס'איז געזינטער, אז מ'זעהט אייך נישט, אז מי האט אייך נישט לעבען זיך. איך—איך—איך בין נאך נישט אין גאנצען אויסגעהיילט.

רבקה: ארמער יענקעל! נישט אויסגעהיילט? איך האב גאר-נישט געוואוסט, אז איהר האט געהאט עפיס א קראנקהייט. איז דאס עפיס געוועזען א שלעכטע קרייענק?

יענקעל: אך, איהר פערשטעהט מיך שוין גוט. מאכט זיך גישט, ווי איהר פערשטעהט מיך נישט.

רבקה: וואס פערשטעה איך? אסור, אויב איך העב אן צו וויסען.

יענקעל: איהר פערשטעהט שוין גוט און טראגט אייך אוועק.

רבקה: איך פערשטעה גארנישט און האב מיך נישט אוועקצוטראגען.

יענקעל: (אויפגערעגט): פערשטעהט איהר מיך, איך האב טרפה'נע דמים אין מיר, אט וואס! איך האב געמיינט, אז זיי זיינען שוין ריין, אז איך האב זיי שוין מעהר נישט. און א ליגען! איך האב א טעות געהאט, זיי קאכען נאך אין מיר — אויסגערונען זאלען זיי ווערען!

רבקה: וואלט איך כאטש עפיס אנהעבען צו פערשטעהן!

יענקעל: וואס מאכט איהר אייך, אז איהר פערשטעהט נישט, וואס? ער ליעגט נאך אין מיר דער אלטער יענקעל, דער הונט ליעגט נאך אין מיר, אט וואס! די מאמע האט דאס געוואוסט. דער טאטע האט דאס געוואוסט. נאר איך און טאמארעלע האבען דאס נישט געוואוסט. א צינד ווייס איך דאס אבער גענוי, דער הונט ליעגט נאך אין מיר, דער סיידעלניק...

רבקה (ווי איבערראשט): וואָס איהר רעדט! איך וואָלט דאַכט זיך געשוואָרען ביי אַ תורה, אַז איהר טראַכט גאָר אַפילו נישט וועגען די זאַכען.

יענקעל: פוי, איך האָב אַליין נישט געוואוסט, אַז אַזאַ חיה זיצט אין מיר, אַזאַ מיאוסע חיה, פערשטעהט איהר מיך, איך האָב אַ פאָר מאָל געזעהן אייך אַ ביסעל — אָט אַזוי, נישט גאַנץ אָנגעטאָן — אָט אַ באָרפוסען פוס, אַ הוילען אָרם און נאָך אַזוי...

רבקה (אונשולדיג): אין איין שטוב, מי קאָן זיך נישט איינהיטען. און די לעצטע וואָך האָב איך געמוזט זיין אַזוי פיעל אָרום טאָמאַרען טאָג און נאַכט.

יענקעל: פוי. איך וואָלט מיר דאַכט זיך געקאָנט געבען מיט'ן האַק אין קאָפּ!

רבקה: שאַ, אָבער אַזוי נעמען זיך דאָס צום האַרצען דאַרפט איהר פון דעסטוועגען נישט.

יענקעל: די טרפה'נע דמים! עפּיס אַ שד, אַ מחבל זיצט דאָרטען אין מיר. און היינט האָב איך נאָך געטרונקען.

רבקה: נו, עפּיס אַזאַ שמחה.

יענקעל: העהע, נישט צוליעב דער שמחה אַליין. איך האָב געוואָלט טרינקען, פערשטעהט איהר מיך, איך האָב געוואָלט!.. דער דיבוק אין מיר, פערשטעהט איהר מיך... איך האָב'ן געוואָלט פערטרינקען...

רבקה: אוי, איז מיר אָבער אַזוי היים געוואָרען, אַז מי שטעהט אַזוי לאַנג ביים פייער, (קנעפּט זיך אויף די בלוזע, פערבויגט זיך טיעף און דעקט אויף אַ שטיק פון איהר ברוסט).

יענקעל: איך האָב געוואָלט מיט קעראָסין פערלעשען אַ שרפה. העהעהע... אי, בין איך... מיט'ן האַק אין קאָפּ. די טרפה'נע דמים, אויסגערונען זאָלען זיי ווערען!

רבקה: דאַרף איך נאָך בלאָזען?

יענקעל (געהט צו צום אויווען): יאָ, מע קאָן שוין אַרויסנעמען.

רבקה (קוקענדיג): נאַ, האָב איך עפּיס גוט געטאָן מיין אַרבייט?

יענקעל (הייבט אויף איהר אויף די אויגען, אַ חוילע שטעהען זיי, אַמנקוקענדיג איינס דאָס אַנדערע. פלוצלינג גיט ער זי אַ כאַפּ אָרום, הייבט זי אויף אין דער הויך און עסט זיך איין מיט די ליפּען אין דער אָבגעדעקטער ברוסט, אַרויסגעבענדיג מגושם'דיגע טענער).



דער בעל עגלה (דרויסען): וועה, ער איז נאָך נישט פאַרטיג.

רבקה: דער בעל עגלה קומט:

יענקעל (לאָזט זי אָפּ און בלייבט שטעהן ווי בעטרונקען, ווי אין הינ־הער־פלעם):

דער בעל עגלה (אין טויער): ווי אַזוי ווייט איהר נאָך עפּיס נישט פאַרטיג?

רבקה: די אייזענס זיינען נאָך אין פייער.

דער בעל עגלה: אַ פיינער שכל! וואָס שטעהט איהר, וואָס, אַזוי ווי אַ בענומענער? מאַכט די אַרבייט און לאָזט מיך פאָהרען.

יענקעל (ווי אויפגעוואַכט): איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך קאָן היינט נישט אַרבייטען.

דער בעל עגלה: וואָס, די הענד האָבען אייך היינט אָבגענומען? ס'מ'געהערט אַ קליינינקייט! אַ ברית!

יענקעל (ווי ווילד): אַ ברית! אַ ברית! איך בין איינער אַליין, מיין אַרבייטער איז ניטאָ!

דער בעל עגלה: ט, איז וואָס זאָל איך טון? זאָל איך דאָ, הייסט עס, בלייבען נעכטיגען?

רבקה (צו יענקלען): ווייסט איהר גאָר וואָס? איך וועל אייך העלפען.

יענקעל (פינסטער): ער וועט מיר העלפען, (צום בעל עגלה). איהר וועט האַלטען די צוואַנג.

דער בעל עגלה: יאָ, און ווער וועט מיר היטען די עפּעל?

רבקה: וואָס אַרט אייך, איך וועל עס מאַכען אַזוי גוט ווי ער, (הייבט אויף דעם גרויסען האַמער).

יענקעל: איהר וועט האַלטען די צוואַנג.

רבקה: ניין, איך מיט'ן האַמער. איך וועל קלאַפּען. איהר מיינט, איך האָב קיין כח נישט? (זי פערקאַטשערט די אַרבעל אויפדעקענדיג, האַריגע אָרעמס, שטעלט אָן אין די הענד און הייבט אָן צו קלאַפּען איבער דער נאָקאַוואַדלניע). ווערט איהר, האַ? איינס. און נאָך אַ מאָל. און נאָך אַ מאָל.

דער בעל עגלה (אין טויער): חברה איז שוין ווידער אַרום די עפּעל. מאַכט עס שוין אויף גיך. (געהט אַרויס מיט קולות). אַוועק, אַ חלירע...

יענקעל (הייבט אויף די שנאַפּס־פלאַש און טרינקט אויס שנעל גאַנץ גלעזעלע איינס נאָך דאָס אַנדערע).

רבקה: העי, העי, איהר טרינקט שוין צופיעל.

יענקעל (געהט מיט דער צוואנג צום אויווען און נעמט ארויס איין אייזען און לעגט עס אויף דער נאקאוואלניע).

רבקה (הערט אן צו קלאפען): ה—הא! ה—הא! (זינגט). עי, דובינושקא דא אוכניעם!

יענקעל: איהר קאנט נאך אבברענען די האנר.

רבקה: איך ברען מיך נישט אפ.

יענקעל: לאזט בעסער אראפ די ארבעל.

רבקה: וואס איז, איהר האט מורא צו קוקען אויף מיין נאקטען ארם?

יענקעל: איך — איך — איך —

רבקה (זינגט): עי, דובינושקא דא אוכניעם! עי, דובינושקא סאמא פאידיאט!...

יענקעל! אין קאפ דער שנאפס, אין הארצען א שד...

רבקה: און ביי דער זייט די יצר הרע'טע.

יענקעל: דאס איז דער ריינער אמת. (עטעמט שווער אויף).

רבקה (קלאפט): ה—הא! ה—הא! ה—הא!

יענקעל (בויגט זיך איין, הערט אויף מיט דער לינקער האנד די פלאש, טראגט זי צו צו די ליפען און טרינקט).

רבקה: טרינקט נישט! טרינקט נישט!

יענקעל (טרינקט נאך, שטעלט אוועק די פלאש און זאגט גאנץ אנגערוקט): איך וויל א קוס אט א דא א, וואו די פלאש איז געשטאנען. (צייגט אויף די ליפען).

רבקה: איך כאפ און גיב. איהר האט, ווער ס'זאל איך קוסען.

יענקעל (גראב)! און אהן טענות.

רבקה (קלאפט). עי. דובינושקא דא אוכניעם!

יענקעל (נאך שטארקער): מאכט נישט קיין שטיק. אויף גיך. אט א דא א א שטארקען קוס. (שפארט איהר זיינע ליפען).

רבקה: היט אייך, איהר קריעגט מיט'ן האמער.

יענקעל (גיט זיך א ווארף צו איהרע ליפען).

רבקה (רוקט זיך אב): מיר און טויער זיינען אפען.

יענקעל (נעמט ווידער אן זיין ארבייטענדיגע לאגע): איהר וועט זיך מיך קוסען,ווארט.

רבקה: דאס וועלען מיר א סימן האבען.



יענקעל (הערט ווידער אויף די פלאש מיט דער לינקער האנד, און טרינקט).

רבקה (קלאפט): עי, דובינושקא דא אוכניעם! עי, דובינושקא סאמא פאידיאט...

א מיידעל (אין הויף): זעהט נאר, זעהט נאר, רבקה ארבייט אין קוזשנע מיט'ן האמער. (עס הערט זיך א געלעכטער, עטליכע מיידלעך קומען ארויין, שיסען אוים אין א גמצם געלעכטער און שרייען). ווי געפעלט אייך די שמידארקע, זעה נאר, זעה נאר, ווי זי הערט דאס דעם האמער! (גמער געלעכטער).

יענקעל (לעגט אוועק דאס ערשטע שטיקעל אייזען און ווענדט זיך צום אויווען. ער איז שוין נישט גאנץ זיכער אויף די פים. ער ווארפט א בליק אויף די מיידלעך און רעדט ארוים מיט א ועלינער מינע). העע. נקבות!

איין מיידעל: זעה, ער איז נאר שיכור, אויף מיינע נאמנות!

יענקעל (נעמט ארוים דאס אנדער שטיקעל אייזען און לעגט עס ארויף אויף די נאקאוואלניע). יא, איך בין שיכור. העהעהע... איך בין שיכור... איך וויל א קוס, איך וויל א קוס פון א מיידעל, קומט, נקבות...

רבקה (קלאפט): עי, דובינושקא דא אוכניעם!

איין אנדער מיידעל: איך וועל אייך שיקען איער וויב, וועט איהר האבען א קוס.

יענקעל: וואס מיין וויב! — לאז! — קום דו אהער. (לאזט פלוצלינג די צוואנג און לאזט זיך צו דער מיידעל, לאפט זי און קוסט זי און לאזט זיך צו די אנדערע מיט א געשריי). נקבות! נקבות. (די מיידלעך צולאזען זיך איבער דער קוזשנע מיט א געלעכטער, איינציגע לויפען אוועק צוריק אין הויף).

רבקה: יענקעל, די ארבייט, די ארבייט!

יענקעל: אך, וואס, די ארבייט! איך וויל נישט ארבייטען! אוועק מיט דער ארבייט! שיכורען וויל איך און... און... העי. אצינד בין איך אבער לוסטיג! א צינד וויל איך טאנצען... אך—אך—אך—אך—אך—אך, טי קאמארינסקי מוזשיק!...

רבקה: איז, אז איהר וועט נישט ארבייטען, האב איך דא מעהר נישט וואס צו זיין, געה איך אוועק. (לאזט אראב די ארבעל און קנעפט זיך צו די בלוזע).

יענקעל (שלינגט זי איין מיט די אויגען, מאכענריג מיט די הענד אין דער לופטען און אונטערטאנצענדיג. ווען זי איז ביי דער טיר, גיט ער זי א רוף): רבקה!

רבקה: וואס?

יענקעל: העע, אט נארנישט.

רבקה: דאס איז אלץ?

יענקעל: וועל זאגען אן אנדערם מאל.

רבקה: אז איך וועל וועלען הערען.

יענקעל: ר'זועסט שוין.

רבקה (וויל ארויס).

יענקעל: רבקה!

רבקה: נעהט אין שטוב און שלאפט זיך אוים.

יענקעל (גיעהט צו איהר צו און כאפט זי אן פאר די האנד): קומט א טענצעל.

רבקה: איך כאפ און טאנץ מיט אייך.

יענקעל: קומט א טענצעל.

רבקה: דריקט מיר נישט אזוי די האנד, איהר וועט זי מיר באלד איבערברעכען.

יענקעל: קומט א טענצעל.

די מיידלעך: אי, טאנצט מיט איהם, רבקה! טאנצט מיט איהם, רבקה!

רבקה (צו יענקלען): טאנצט נו, טאנצט, לאזט מיך אבער אפ, אזוי קאן איך דאך נישט טאנצען.

יענקעל (לאזט זי אב, ווארפט אום מיט די הענד און טאנצט אגנטער): אך—אך—אך ... זינגט, נקבות! ...

די מיידלעך (הייבען אן צו זינגען די קאמארינסקע).

רבקה (שטעלט זיך פאר איהם מיט די האנד אין די זייטען, ווארפענדיג מיט די פלייצע און דעם בוזעם).

יענקעל (הייבט אן צו טאנצען און דרעהען זיך ארום רבקה'ן).

רבקה (טאנצט צו צו דער טיר און לויפט פון איהר ארויס מיט א געלעכטער).

יענקעל (כאפט אן אנדער מיידעל, טאנצט מיט איהר, זינגענדיג און קוויטשענדיג).

די מיידעל (רייסט זיך פון איהם, לאכט און קוויטשערט. די איבעריגע זינגען און לאכען): מאריאשע. (קומט אריין, הינטער איהר רפאל און די פריהער אנטלאפענע מיידלעך).



מאריאשע: אי, א בראך צו מיינע יאהרען! ער איז דאך טאקע שיכור.

יענקעל (לאזט אב דאס מיידעל): שיכור מאמע, שיכור, וואס זאל איך טון, אז דו האסט געהאט א שיכור'ען זוהן.

מאריאשע: און דער טאטע זיצט דאס דא... (קוקט זיך ארום).

רפאל: זעה, רב שמחה איז דא גאר נישטא.

יענקעל: אהא, רב רפאל! קומט א טענצעל, רב רפאל, קומט! רב שמחה איז דא נישטא, נישטא דא רב שמחה, איך האב'ן אוועקגעשיקט, דעם עדות, העהעהע... און איך בין דא געזעצן מיט איהר אליין, העהעהע... אהן עדות, העהעהע... האב צוגעמאכט די טיר און די טויער, העהעהע...

מאריאשע: וועה מיר נישט. דער שד איז אין איהם אריין!

יענקעל: העהע, דער שד...

רפאל: העהע, איהר זאגט אליינען, רב יענקעל. איהר האט גאר נישט צוגעמאכט... העהע... איך האב שוין געקוקט, העהע...

יענקעל (כאפט אן רפאל'ן פאר די לאצען און טרייסעלט איהם). פאר וואס זייט איהר אזא פאסקודניק, הא? פאר וואס זייט איהר עפים גאר קיין מאנסביל נישט, הא? פאר וואס האט אייער ווייב געדארפט אנטלויפען פון אייך און אריינקלויבען זיך צו מיר, הא?

רפאל (צאפעלט זיך אין זיינע הענד): לאזט מיך אפ, לאזט מיך אפ בעסער מיט גוטען!

מאריאשע (רייסט איהם פון רפאל'ן): וועסט איהם אבלאזען צו נישט?

יענקעל (נישט אבלאזענדיג): פאר וואס האט איהר נישט געקאנט איינהאלטען אייער ווייב נעבען זיך, הא? פאר וואס האט זי געדארפט אריינקלויבען זיך צו מיר, הא?

טאמארע (אנגעטאן אין חתנ'ס קליידער, קומט אריין ביי די לעצטע ווערטער): יענקעל, אוי!

יענקעל (לאזט אב רפאל'ן, אבהענדיג). טאמארע. העהע...

די מיידלעך (רוקען זיך אב אין א זייט און בלייבען שטיל די גאנצע צייט).

רפאל: גארנישט, האט מיך אנגעכאפט און טרייסעלט. אקוראט ווי איך וואלט איהם געהייסען, ער זאל זי אריינלאזען צו זיך אין שכנות....

יענקעל: העהע...

מאַריאַשע (הינקט רפאל'ן ער זאָל אַװעקגײן).

רפאל: נאַרנישט, ער טרײסעלט! ... אַז טרײסלען זאָל איהם! ... װאַרט, עס װעט איהם שױן טרײסלען דעם בעל-תאוה'ניק! ... זאָל ער נור אָנהעבען פערפיהרען מיט איהר...

יאַנקעל (גיט זיך צו איהם אַ ריס).

רפאל (געהט אװעק).

מאַריאַשע: טאַמאַרע! גזלנטע! װי אַזױ ביזטו געגאַנגען אַהער? ערשט הײנט אַראָפּ פון בעט.

טאַמאַרע (קעמפּפענדיג מיט טרערען): איך האָב אױך געװאָלט זעהן, װי מײן מאַן איז לוסטיג.

יאַנקעל: העהע ... יאָ, לוסטיג... נישט אַלע טאָג מאַכט מען דאָך אַ ברית, װי? בין איך טאַקע לוסטיג... װילסט אפשר אַ טענצעל, טאַמאַרע? קום אַ טענצעל.

מאַריאַשע. נו, װאָס זאָגט מען צו זײן קאָפּ, נו?

טאַמאַרע: װאָלט איך נאָר געקאָנט, װאָלט איך שױן געטאַנצט, װאָס, איך בין עפּים קײן בעל שמחה נישט?

יאַנקעל: העהע... דו, דו ביזט...

טאַמאַרע: איצינד אָבער װאָלט געװעזען גוט פאַר דיר אַרײנצוגעהן אין שטוב און אױסקלעגען זיך שלאָפען.

יאַנקעל: װאָס איז, מײנסט, אַז איך בין שיכור? איך האָב טאַקע אַ סך געטרונקען, אָבער... (טענצעלט). זעהסט, איך קאָן נאָך טאַנצען... קום, מיר װעלען בײדע טאַנצען... האָבען מיר נישט אַ טײערען זוהנעניוק?.. אַ יאַטעל... אַ יונג מיט בײנער... קאַניאַאו... קאַניאַאו (מאַכט נאָך אַ קינדיש געװײן).

מאַריאַשע: געה און שלאָף דיך אױס, געה! מײן ביטער האַרץ װעל איך באַלד אױסלאָזען צו דײן קאָפּ.

טאַמאַרע (געהט צו און נעמט אַרום יאַנקלען): בײזערט זיך נישט, שװיגער. ער װעט שױן געהן. אַז ער װעט פיהלען, אַז ער דאַרף געהן, װעט ער שױן געהן...

יאַנקעל: דו ביזט אַ גוטע, טאַמאַרע, אַ קלוגע און אַ גוטע... איך'ל געהן. איז יענע אין שטוב? יענע דאָרט?... האַ?... דו... דו... הע... פאַר װאָס שילסטו מיך נישט? האַ?.. איך בין אַ הונט, טאַמאַרע. איך בין אַ גרױסער הונט... דו טאָרסט מיט מיר נישט לעבען... איך בין אַ נאַרנישט, בין איך... בין נישט װערט דײן פאַרטיאָטקע, בין איך נישט



װערט... אַל דאָס בײז איז אין מיר... אַ פערפאַלענער בין איך, טאַמאַרע... אַ חזיר בין איך... אַ ח ז י ר ש ע ר ע ק...

טאַמאַרע: פוי, יאַנקעל, רעד דאָך נישט אַזױ.

יאַנקעל: יאָ, איך װײס, װאָס איך רעד... פון אַ חזירשען עק קאָן מען קײן שטרײמעל נישט מאַכען, און פון מיר װעט שױן קײן לײט נישט אַרױס.

מאַריאַשע: װעה מיר נישט. װעה מיר נישט, האָב איך דאָס דען די גאַנצע צײט נישט געװאוסט?

טאַמאַרע: אַך, איהר האָט נאַרנישט געװאוסט. און װײסט גאַרנישט, שװיגער...

מאַריאַשע: װאָס האָב איך מיט דיר די גאַנצע צײט גערעדט?

יאַנקעל: די מאַמע איז געװעזען גערעכט, טאַמאַרע... פערשטעהסט, איך רעד דאָ מיט דיר און װײס, אַז דער הונט איז אין מיר, דער דיבוק איז אין מיר. עס ציעהט מיך, פערשטעהסט... עס ציעהט מיך צו שדים װײסען װאָס, איך בין שיכור, זעהסט. אָבער איך װײס... איך װײס...

טאַמאַרע: אַך, מאַלע װאָס דו רעדסט!

יאַנקעל: דו ביזט אַ קלוגע... אַ גוטע... דו האַלסט זיך בלױז אײן נישט צו װײנען... דו...

טאַמאַרע (צװײנט זיך היסטעריש, האַלט זיך אָבער אײן).

מאַריאַשע: נאַ, אָט האָסטו אױסגעפיהרט, נאַ! אױ, אַ מגפה האָט געמאָנט אױף דיר קומען! אױסגעשװאומען און אױסגערונען האָסטו געמעגט װערען, אײדער איך האָב דיך געהאַט.

טאַמאַרע (היסטעריש): שילט זיך נישט, שװיגער, טוט מיר אַ טובה, שילט זיך נישט.

מאַריאַשע: װאָס דען זאָל איך מיט איהם טון! װיזט דען זאָל איך מיט איהם טון? (װײנט). איך װעל אַרײנגעהן אין שטוב און װעל אַרױסװאַרפען די צונג, אַז ברעכען װעט זי איהר קאָפּ.

טאַמאַרע: נײן, נײן, שװיגער, מאַכט נישט קײן סקאַנדאַלען.

יאַנקעל: װאַרף מיך אַרױס... מיך װאַרף אַרױס... איך... איך... איך בין דער הונט...

טאַמאַרע. קום אין שטוב, װעסט דיך אױסשלאָפען, װעסט דיך בערוהיגען...

יענקעל: יא, קום אין שטוב... הא... וועסט מיך דאכט זיך דארפען פיהרען...

טאמארע: נו, איז וואס, וועלען מיר דיך פיהרען, איך פון איין זייט, די מאמע פון דער אנדער זייט, עס טרעפט זיך אמאל, אויף דארויף איז מען דאך א מענש...

יענקעל: ניין, איך וויים שוין מיך.

טאמארע: דו ווייסט דיך נאר נישט, קום, קום. (זי נעמט איהם אן).

יענקעל (לאזט זיך פלוצלונג אראב אויף דער נאקאוואלנע). העהעהע... א פייער ברענט אין מיר... א גיהינום א גאנצער... העהע... הע... טאמארע, פאר וואס ביזטו נישט צעהן פרויען? פאר וואס ביזטו נישט די גאנצע וועלט פרויען אויף אמאל?...

טאמארע (היסטעריש): רעד דאך נישט... רעד דאך נישט אזוי...

מאריאשע: איך וועל איהם גלייך צופלאשקענען די צורה. אז א חלירע האט געמאכט אויף איהם קומען קלײנערהייט!

טאמארע: דו וואלסט דאך בעסער ארויסגעשלאגען אזעלכע געדאנקען פון קאפ.

יענקעל: זעהסט, דערפאר האב איך דאך געטרונקען... איך וועל דיר שוין אלץ דערצעהלען, דו וועסט שוין אלץ וויסען...

טאמארע: יא, יא, אבער יעצט קום. (העבט איהם פון דער נאקאוואלנע).

יענקעל (שטעהט אויף): יא, יעצט אין שטוב, צום זוהנעניוק. און דו נישט וויין, ביזט אריינגעפאלען, פערפאלען.

מאריאשע: איך וועל דיר געבען „אריינגעפאלען“, ווארט!

יענקעל: הע... נאר קיין קלאגמוטער נישט ווערען, ווי זי א, ווי מיין אלטע.

מאריאשע: מי קאן שוין פון דיר ווערען אלץ: אי אלט אי א קלאגמוטער.

טאמארע: קום, קום, אויף מיר וועסט זיך נישט האבען צו בעקלאגען.

יענקעל: נא, דו ביזט א מאלאדיעץ... לוסטיג זיין!... קום צום זוהנעניונע... אך—אך—אך—אך—אך—אך, טו קאמארינסקי מוזשיק... (טענצעלט). טאנץ. טאמארע... ווילסט זעהן, ווי יענע האט זיך אוועקגעשטעלט טאנצען?...

מאריאשע (שטויסט איהם ארויס פון טיר): איך וועל דיר געבען



א בעהייזען! וואלסט אויפהערען צו רעדען פון יענער, מנוול! (געהט ארויס נאך איהם).

טאמארע (בלייבט שטעהן, פערברעכט די הענד, לעגט זיי אריין אין קאפ און צופט זיך די האר, דריקט זיך די ברוסט, און פערדעקט זיך דאס מויל, ארויסגעבענדיג איינגעהאלטענע הערצרייסענדע היסטערישע טענער).

דער בעל עגלה (דרויסען): וועט שוין זיין אמאל די אקס?

טאמארע (שלעפט זיך קוים אוועק).



# פיערטער אקט.

אויף מארגען אין דער פריה.

ביי יענקלען אין צימער. אין צימער געפינט זיך יעצט א וויע-געלע, אויף'ן טיש שטעהט דער קאלענדיגער סאמאוואר. פון וויטען הערט זיך דאס קלאפען.

---

טאמארע (שטעהט ביים הינטערסטען פענסטער און רופט ארויס). יענקעל, דער טאג איז שוין אנגעגאנגען. (דאס קלאפען הערט נישט אויף). יענקעל, קום דאך אריין! דער טיי וועט קאלט ווערען... די ארבייט וועט'אך נישט אנטלויפען! — יענקעל, איך קאן נישט שרייען, איך וועל נאך אויפוועקען דאס קינד. (דאס קלאפען הערט אויף, זי געהט אב פון פענס-טער. זי זעהט פיעל בלייכער אויס, מיט רענדער אונטער די אויגען, ווי פון א דורכגעוואכטער נאכט. זי געהט צו צום טיש, וואו זי בלייבט א ווילע שטעהן פערזונקען אין געדאנקען).

יענקעל (קומט אריין. ער איז גאנץ פערגעריקט און חשך'דיג אין געזיכט).

טאמארע (ווי אויפגעוואכט): קום, זעץ זיך טיי טרינקען. (זי זעצט זיך און קוקט איהם פארשענד אן).

יענקעל (זעצט זיך אויך, גיט א קוק מועגדיג אויף איהר און אויס-מיידענדיג איהר בליק).

טאמארע: וואס עפיס אזוי פריה שוין ארבייטען? — איך האב נארנישט געהערט, ווען דו ביזט אויפגעשטאנען, און ווי דו ביזט אוועק-געגאנגען.

יענקעל (ברומט ארויס): דו האסט שטארק געשלאפען.

טאמארע: איך בין טאקע שפעט איינגעשלאפען. איציקעל איז געוועזען אזוי אונרוהיג.

שווײַגען

טאַמאַרע: האָסט שוין אָבגעראַוועט?

יענקעל: יאָ.

טאַמאַרע (פאַרזיכטיג): טוט דיר דער קאָפּ וועה?

יענקעל: נײַן, וואָס איז?

טאַמאַרע: איך מײַן גלאַט אַזוי. — דו וואָלסט אָפּשר גענומען אַ שנאַפּס?

יענקעל (שווײַגט).

טאַמאַרע: יענקעל. זײַ דאָך נישט אַזוי... נעם אַ שנאַפּס, וועט דיר לײַכטער ווערען.

יענקעל: ווי אַלע שיכּורים, וואָס?

טאַמאַרע: איך מײַן דאָס גאָר נישט אַזוי, יענקעל, אָבער דו האָסט'אָך נעכטען געטרונקען. וואָלט יעצט גוט געווען אַ שנאַפּס, ווילסטו?

יענקעל: איך וויל גאָרנישט. (ער טרינקט אויס זײַן טיי).

טאַמאַרע (גיסט איהם אָן נאָך אַ גלאָז): ווען האָסטו זיך שוין אײַנגעקערט אָבצוזאָגוועגען? ביזט הפּנים זעהר פריה אויפגעשטאַנען, ווען ביזטו אויפגעשטאַנען?

יענקעל, וואָס מאַכט דיר דאָס אויס? איך האָב דעם דאַווענען נישט אײַנגעדרעהט.

טאַמאַרע: און אַז דו האָסט יאָ אײַנגעדרעהט, וועל איך מיר דאָס אויך נישט נעמען שטאַרק צום האַרצען. אָבער איך האָב מורא, אַז דו האָסט מיר עפּיס אַנדערש אײַנגעדרעהט?

יענקעל: איך ווײס נישט, וואָס.

טאַמאַרע (קרימט איהם נאָך). „איך ווײס נישט וואָס". זאָג דער אמת, האָסט מיך אַ קוס געטאָן?

יענקעל (לאַנגזאַם): נײַן.

טאַמאַרע. זעהסטו, האַ, טיק מיר עס יעצט, (שטעלט איהם אונטער די באַק).

יענקעל (בעריהרט זי קוים מיט די ליפּען).

טאַמאַרע: אוי, ווי קאַלט!

יענקעל (שפּרינגט אויף און געהט צו דער טיר).

טאַמאַרע: זעה', וואָס אַנטלויפסטו עפּיס?

יענקעל (געהט אַרויס).





טאַמאַרע (געהט צו צום פענסטער און קוקט נאָך דעם אַוועקגעגאַנגענעם, באַלד שפּאַרט זי זיך אָן מיטין הינטער קאָפּ אָן וואַנד און שטעהט אַזוי פערגליווערט אין געדאַנק. זי טריקענט זיך אַ טרער. — דאָס קינד שרײַט אויף, טאַמאַרע ערוואַכט פון איהרע געדאַנקען, אײַלט צו צום וויגעלע און בויגט זיך איבער איבער דאָס קינד, בעקוקט עס, אין געדאַנקען, און בעטאַפּט עס, דאָס קינד איז שטיל, זי שטעהט אַ ווײַלע איבער איהם און פלוצלונג ברעכט זי אויס אין אַ יאָמער). קינדרעניו מײַנס. זוהנעניו מײַנס, וואָס וועט עס זײַן? וואָס וועט עס זײַן? וואָס קאָן נאָך מיט אונז געשעהן? (זי וויינט בימער, נאָכגעבענדיג זיך דאָס האַרץ, בעפרײַענדיג זיך פון די טרערען, וועלכע זי האָט אײַנגעהאַלטען אין זיך, באַלד אָבער שטאַרקט זי זיך און האַלט זיך ווידער אײַן).

נײַן, נישטווײַנען, קינדרעניו! דײַן מאַמע וועט נײַשט ווײַנען. זי טאָר נישט פערסם'ען דײַן מילך, דו מוזט זײַן געזונדער. דו מוזט זײַן מאַמעס טרײַסטעניו... (ווישט זיך די אויגען און בײַסט [illegible], אַרונטערדריקענדיג די טרערען). נײַן, נישט ווײַנען. נישט ווײַנען... [illegible]! (זי עטעמט שווער אָב און געהט צו צום אָפענעם פענסטער, אַרײַנצוגעטן [illegible] זיך לופט).

מאַריאַשע (קומט שנעל אַרײַן): גוט מאָרגען! נו. האַ?!

טאַמאַרע (געבראָכען): גוטען טאָג, שוויגער, וואָס „נו, האַ"?

מאַריאַשע: איך האָב'ן דאָך ערשט געזעהן אַרויסגעהן פון חײַקעס שײַנק!

טאַמאַרע (שרײַט אויף): פון שײַנק?!

מאַריאַשע: פון שײַנק, אַ ודאי פון שײַנק! מיט מײַנע אײגענע אויגען האָב איך געזעהן! אוי, רבונו של עולם, עס העבען זיך שוין אָן מיט איהם די גוטע צײַטען!

טאַמאַרע (קרעכצט אַרויס, אוי! זי באַפּט אַרײַן די פויסט אין מויל צו בײַסען און עטעמט שווער און רויִשיג).

מאַריאַשע (דערשראָקען): אוי, איך האָב עס דיר גאָר נישט געדאַרפט דערצעהלען! איך האָב דיר דאָס גאָרנישט געטאָרט דערצעהלען! אוי, וועה איז מיר! וואָס טוט מען? וואָס העבט מען אָן צו טון?

טאַמאַרע (מיט פערשטיקטען געוויין): אין שײַנק איז ער שוין געוועזען! (פאַסט זיך). נאָ, מילא, מיר וועלען שוין זעהן... מיר וועלען שוין זעהן...

מאַריאַשע: אז אָך און וועה, וואָס ס'וועט שוין זײַן וואָס צו זעהן. וועה מיר נישט, וועה מיר נישט! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

האסטו שוין ילאמש יענער, דער שמיק פאסקודסטווא, געזאגט, אז זי זאל זיך ארײַנקלײַבען?

טאמארע: איך האב זי נאך נישט געזעהן פון נעכטען בײַ טאג אן. זי איז ערגיץ אוועק און איז געקומען שפעט א היים. — און וואס וועט זײַן די פעולה? וואס וועט עס העלפען?

מאריאשע: ווי הײַסט, וואס וועט עס העלפען?

טאמארע: אז עס העבען זיך שוין אן די גוטע צײַטען, ווי איהר זאגט אלײן, איז וואס מאכט עס אויס, צו זי איז אין שטוב, צו זי איז נישטא אין שטוב? און וואס מאכט עס איבערהויפט אויס, צו זי צו אן אנדערע? דער עיקר איז, וואס דער אלטער יענקעל איז איהם אנגעקומען. (זי העבט אן ארומצוגעהן איבערן צימער, די הענד פארלעגט אויפן רוקען, די אויגען ארא בגעלאזען צו דער פאדלאגע, גאנץ אויפגערעגט). עפיס מוז געשעהן, עפיס מוז געשעהן.

מאריאשע: וואס זאל געשעהן, וואס?

טאמארע: דאס ווײס איך נישט, דאס ווײס איך נישט.

מאריאשע: אז ארויסטרײַבען זי איז נאך בײַ דיר אויך א ספקות.

טאמארע: עפיס אזוינס מוז געשעהן, וואס זאל איהם...

מאריאשע: וואס „וואס זאל איהם"?

טאמארע: איך קאן דאס אײַך נישט דערקלערען, אבער איך פיהל דאס, איך פיהל, מײַן הארץ זאגט מיר... עפיס אזוינס, וואס זאל איהם וויעדער ברײַנגען צו זיך, וואס זאל איהם עפיס אבהאלטען, עפיס אויסהײלען פון זײַנע שלעכטע מדות אויף אײביג.

מאריאשע: דער טויט... דער טויט וועט איהם אויסהײלען.

טאמארע (שוידערט אויף): אוי, וועה מיר נישט!

מאריאשע: איך קאן מײַן אומגליק. זעהסט'אך, דוקא ווען ער איז געווארען א טאטע, ווען ער האט דאך געוויס געדארפט אוועקווארפען זײַנע אלטע שטיק...

טאמארע! וועט מיר אויסקומען אנטון זיך א מיתה.

מאריאשע: וואס? בײַם דיר בעסער אף דעם צונג! טפו! א מאמע רעדט עס נאך אזוי.

טאמארע (ברעכט אויס אין טרערען, פארדעקט זיך דאס געזיכט). מײַן זונעניו! מײַן קינדערלע!

מאריאשע: דו טרײַב זי קודם כל ארויס און דערנאך נעם זיך צו איהם, פערשטעהסט? זי די ערשטע זאך — און אז דו הערסט זי נישט



ארויסטרײַבען וועל איך זי דיר ארויסטרײַבען, חעסט זעהן, שא. אט נעהט אהער דער שווער.

טאמארע (טריקענט זיך די אויגען אויף גיך): שווײַגער, זאגט איהם גארנישט וועגען שײַנק.

מאריאשע: עס'ט מאקע אסך קאנען אבהאלטען...

טאמארע (מיט געבעט): עס מאכט נישט אויס, זאגט איהם נישט, זאגט איהם נישט.

שמחה (קומט ארײַן): גוט מארגען, נו?

מאריאשע: וואס „נו"? בײַ איהר וועסטו עפיס אויספיהרען? זי וויל זי נאך האלטען.

שמחה (מעלה-גרה'ט בייז): הם! הם! ווי הײַסט נאך האלטען? ווי הײַסט? ווי הײַסט? וועניג צרות?

טאמארע: איך ווײס גארנישט... איך ווײס גארנישט... איך דארף אלײן בעקלערען און מײַן קאפ איז מיר... איהר קומט פון דאווענען? וועט איהר מאכען ברכה? שווער. וועט איהר מאכען ברכה? ווילט איהר, ~~מיר זאלען עסען פרישטיק. הא?~~ (זי שטעלט ארויף ווײַן און טארט. אין פארצימער א גערויש, ווי עמיץ וואלט אומגעווארפען געווארען).

רבקה (אין פארצימער, אײַנגעהאלטענערהײַט די שטימע). זאלסט שוין פערשווינדען, הערסטו!

רפאל (א פערשלאפענער, די קלײדער פערשטעערט, דאס געזיכט פער-בלוטיגט, פאלט צו צו דער טיר און קײַקעלט זיך ארײַן אין צימער).

טאמארע (דערשראקען. אוי, וועה מיר נישט, וואס איז דאס)?

רבקה (אין נאכט קלײדער בעוואוּט זיך אין טיר): זאלסט מיר שוין פערשווינדען.

אלע: וואס איז דאס? וואס איז דאס?

רבקה: אבער גלײַך זאלסטו מיר פערשווינדען.

טאמארע: וואס איז געשעהן? פון וואנען נעמט ער זיך אזוי פריה?

רבקה: איהר ווײסט, וואו ער איז געוועזען? ער איז דאך געלעגען איינ'ן אייחען! איך כאפ זיך אויף, איך עפען נאר פערנאנדער די אויגען, טו איך א קוק, א האנד הײַנגט אראב פון אויוען! א פערטרײַמעלטע בין איך געווארען, אויף טויט האב איך מיך דערשראקען, איך האב געמײַנט, גאט ווײס וואס. האב איך מיך געהנמער צוגעקוקט — ערשט דאס איז ער!

מאַריאַשע: ער אויפ'ן אויוועןן — מנאַ, קרוינעלעך!

רבקה: אַלע בייזע חלומות! וואָס האָט געוואָלט אויסגעהן אויסגעהן צו מיר, זאָל אויסגעהן צו איהם, צו זיין קאָפּ! — איך האָב'ן געגעבען אַ שלײַדער אַראָפּ, אַז ער האָט דאַכט זיך געדאַרפט קלײַבען אַלע ציינער.

רפאל (טריקענט זיך דאָס בלוט פון געזיכט מיט זיין טאַשענטיכעל און קראַצט זיך דעם רוקען און די פיס און טאַפּט זיך דעם קאָפּ).

רבקה: וואָס, עס טוט וועה, האַ? זאָלסט מיר גלײַך פערשווינדען, זאָלסט מיר!

טאַמאַרע: לאָזט איהם קומען צו זיך.

מאַריאַשע: וואָס איז דאָס געוועזען פאַר אַ גאַנג, פאַר אַ קריכען אויפ'ן אויוועןן?

שמחה: אין מיין לעבען... אין מיין לעבען...

רפאל: וואָס פערשטעהט איהר נישט. וואָס?

רבקה: וואָס זאָל מען פערשטעהן, וואָס? טראָג זיך בעסער אָפּ מיט גוטען.

טאַמאַרע: ששש, איהר וועט מיר נאָך אויפוועקען דאָס קינד. (געהט צום וויגעל, בויגט זיך איין. אום אַרויסצונעמען דאָס קינד).

מאַריאַשע: ס'איז משוגע צו ווערען!

רפאל: האָב איך זי גאָר געטאָרט דאָ לאָזען אַליין נאָך דאָס געכטיגע.

רבקה (שיעסט אויס אין אַ געלעכטער).

טאַמאַרע (לאַכט זיך אויס פון איבער'ן וויגעל און קוקט איהר שטרענג אָן). פוי, שעמען זאָלט איהר אײַך.

רבקה (לאַכענדיג): וואָס זאָגט איהר צו זיין קאָפּ, האַ? ער האָט זיך געהיט!

טאַמאַרע: דאָס איז זעהר נידריג פון אייער זייט!

רפאל: אַז איהר זאָלט דאָס זאָגען, פערשטעה איך נישט. ווי הייסט? זאָל נור גאָט משמר ומציל זיין, צו וואָס עס קאָן דאָ קומען.

טאַמאַרע: זייט אַזוי גוט און הערט דאָס אויף צו רעדען!

מאַריאַשע: אוי, ער איז געבראָכט! אוי, דאָס איז דאָך געוועזען...

שמחה: אַ פרומער איד... אַ פרומער איד...

רפאל: זי איז מיין ווייב, פערשטעהט איהר מיך.

רבקה: טראָג דיך אַוועק, הערסטו, טראָג דיך אַוועק!



רפאל: זי איז מיין ווייב, און אַז ס'זאָל חס ושלום קומען דאָ צו עפּיס...

רבקה (וואַרפט זיך צום טיש): אוי, אַ מעסער גיט מיר! אוי, איך וועל כאַפּען אַ מעסער... אַ שומר וועט ער מיר זיין!...

טאַמאַרע (אין פערצווייפלונג): איהר זאָלט מיר בײַדע גלײַך אַרויס פון דאַנען! אייער פוס זאָל דאָ נישט זיין! איך וויל אײַך דאָ בײַדען נישט זעהן! אַרויס! אַרויס!

רבקה: זעה, וואָס איז דאָס? אַז דער פרא אדם וועט פערטראַכטען שדים ווייסען וואָס, בין איך שולדיג?

רפאל: וואָס טרײַבט איהר מיך, וואָס? טרײַבט זי, זי טרײַבט אַרויס, זי האָט אַ היים — זאָל זי וואוינען בײַ זיך אין דער היים. נישט וועלען אָברעדען אַ פרעמדען מאַן. וואָס טרײַבט איהר עפּיס מיך? האָב איך געמיינט עפּיס אייער רעה? אַז איך האָב געהיט...

טאַמאַרע: לאָזט מיך צורוה! לאָז—ט מיך צו—רוה! איך וויל נישט וויסען פון אַזעלכע זאַכען! געהט אײַך געזונטערהייט!

מאַריאַשע (צו רבקה'ן): מאַכט טאַקע, אַז איהר זאָלט זיך אַרויסקלײַבען פון דאַנען, פּאַקט איין אייערע זאַכען און פערנעמט זיך.

שמחה: הולטײַקע! הולטײַקע! אַרויס! אַרויס!

מאַריאַשע: פערשטאַכענע אויגען וואָס זי האָט נאָך! ער האָט פערטראַכט אויף איהר שדים ווייסען וואָס, גלײַך זאָלט איהר אַרויסקלײַבען זיך פון דאַנען! און אַהין נישט דערנעהן און צוריק נישט קומען און אין מיטען וועג נישט בלײַבען!

רבקה: זעה נאָר, זעה נאָר, ווי אַלע אויף מיר, זיי מיינען דרי אמת'ן... אַז איך וועל וועלען, וועל איך מיך אַרויסקלײַבען, אַז נישט, וועל איך נישט, זעה נאָר, זעה נאָר... טפו! (געהט אַרויס און קלאַפּט צו די טיר מיט רעש).

מאַריאַשע. אַז קלאַפּען זאָל זי זיך קאָפּ אָן וואַנד, רבונו של עולם! סאַר' אַ קלאַפּ! זי האָט נאָך געקאָנט אויפוועקען דאָס קינד!

רפאל: טרײַבט זי נאָר אַרויס...

מאַריאַשע: זי וועט שוין, זי וועט שוין.

רפאל: זאָל זי בײַ אײַך נישט זיין, אַז מעהר וויל איך נישט. מיך אַרט נישט, אַז מיר וועלען זיין גוטע פריינט פון ווייטען. איהר דאַרפט מיך גאָרנישט טרײַבען, אַז איהר וועט אַפילו וועלען. איך זאָל קומען, וועל איך אויך נישט קומען. וואָרום בײַ מיר וועט זיין דער גרעסטער

יום-טוב, אז איך וועל וויסען, אז איך דארף מיך נישט בעגעגענען מיט יענקלען.

טאמארע: מיך געהט! מיך געהט!

רפאל: איז נעה איך. — איך האב אפילו געוואלט געגעל-וואסער אבגיעסען, — אבער איך ווייס גארנישט, צו האב איך געשלאפען. א גאנצע נאכט בין איך אבגעלעגען אויפ'ן אויווען ווי א הונט. זי איז געזעסען נעכטען ביז א שטיק אין דער נאכט ביי עלקע שעיה'ס, האב איך מיך אריינגעמאכט צו איהר אין צימער, ארויפגעכאפט זיך אויפ'ן אויווען, און בין אבגעלעגען אזוי צונויפגעדרעהטערהייט ווי א הונט און האב מיט אן אויג נישט צונויפגעפיהרט, מיר האט זיך אלץ אויסגעדוכט, אז אט-אט קומט ער אריין.

טאמארע: רעדט נישט! געהט! איך קאן אייך נישט זעהן! איך קאן אייך נישט הערען!

שמחה: געהט, געהט! (שטופט איהם צו דער טיר).

רפאל: וואס איז זי אויף מיר אין כעס? וואס בין איך דא עפיס אויסען געוועזען?... הא! (ער ווערט לייכט ארויסגעשטופט).

מאריאשע: נא ברוך שפטרנו! זעהסטו שוין, וואס וואלט געקאנט ארויסקומען? ער קאן זיין סחורה.

שמחה: אזא... אזא... א! פע... האלטען זי אין שטוב... אין שטוב האלטען זי...

מאריאשע: און יעצט זעה, אז זי זאל נאך היינט אויסקלייבען זיך.

שמחה: היינט... היינט...

מאריאשע: אויסרויכערן די שטוב וועט מען נאר דארפען.

שמחה: לאנג פאלגען געדארפט, טאכטערקע. לאנג פאלגען. בילא... אבי...

מאריאשע: און זי האט זיך נאך פריער געשפארט מיט מיר.

שמחה: גוט... גוט... געהערט...

מאריאשע: און טאמער וועט ער עפיס אנהעבען מאכען שטיק, פאר וואס דו האסט זי ארויסגעטריבען, זיינען מיר נאך נישט געשטארבען.

שמחה: זאל ער נאר... זאל ער נאר... (שטעלט זיך איבער'ן וויגעל, שטעהט א ווילע און קוקט אין באלד הויבט ער אן צו רעדען צום קינד) האדושי דושי, האדושי דושי דושי... הע... הם... שלאפט... האמשו טשו טשו... העהע...

מאריאשע: ביים וויגעל, נעה, זעה, ווי ער האט פערשטעלט



דאס גאנצע וויגעל, דו דארפסט דאך שוין פאהרען. (שטופט איהם אב).

שמחה (מיט א גליקליכען אויסדרוק אויף זיין געזיכט): הע... הם... הם... שלאפט.

מאריאשע: אוי, מיר פאר זיין קעפעלע, ער שיינט'אך ווי די זון. (קוסט די דעקע, מיט וועלכער דאס קינד איז צוגעדעקט און ווישט זיך אב א טרער). וועט זיך נאך אויסשטעהן צרות אויף זיין לעבען פון אזא טאטען.

שמחה: שווייג! שווייג! פערד! בהמה! דארף רעדען! דארף רעדען! נעה, דארפסט דאך שוין געהן צום מארק.

מאריאשע (קרעכצט): יא, יא...

שמחה: נא, א גוטען טאג דיר, טאכטערקע, נישט געזארגט... נישט געזארגט... בערוהיג דיך... (געהט ארויס)

מאריאשע (רעדט שטיל צו טאמארע): טאמער וועט ער קומען — פערשטעהסט'אך ווי, זאלסט קיין נאר נישט זיין און מאכען איהם פינסטער און ביטער, אך—אך—אך... א גוטען טאג דיר! (געהט ארויס).

טאמארע (וועלכע איז די גאנצע צייט געוועזען אין אויפרעגונג, נישט געפינענדיג זיך קיין ארט, לאזט זיך ווידער איבער'ן צימער, ברעכט זיך די הענד און קרעכצט). וועה מיר נישט. וועה מיר נישט!

רבקה (קומט אריין): הערט נאר, איהר האט דאס פריער געמיינט, איך זאל מיך ארויסקלייבען פון צימער?

טאמארע: און אז דאס, איז וואס?

רבקה: איז וואס זאל זיין? איך האב אייך בעצאלט פאר דריי חדשים דירה-געלט.

טאמארע: וועל איך אייך אוועקגעבען פאר די גאנצע דריי חדשים.

רבקה: איך דארף אייער נדבה נישט און חרטה איז נישט מעשה סוחר, איך האב בעצאלט פאר דריי חדשים, וועל איך אפוואוינען די דריי חדשים. א ווארט איז א ווארט.

טאמארע: מיט רפאל'ן האט איהר אי תנאים געהאט אי א חופה געשטעלט און פון דעסטוועגען זייט איהר פון איהם אוועק,

רבקה פון איהם האב איך געוואלט אוועק און פון דאנען וויל איך נישט אוועק.

טאמארע: אזוי נאר, וועט מען אייך מאכען אוועקגעהן.

רבקה: מאכען? ווער וועט מאכען?

טאמארע: איהר וועט שוין א סימן האבען. און איך וואלט אייך געבעטען, איהר זאלט מיך גלייך לאזען צורוה.

רבקה: שא, שא, קאכט זיך נאר נישט אזוי. איך האב פאר אייך גאר וועניג וואס מורא. איך וויים נאך גארנישט, ווער וועט זיך דארפען אויעקקלייבען פון דאנען.

טאמארע: וואס האט איהר געמיינט מיט דעם? וואס ווילט איהר דערמיט זאגען?

רבקה: איך מיין אז יענקעל איז דא דער בעל הבית.

טאמארע: ער איז!.. ער איז!... נו, איז וואס?

רבקה: איז וועמען ער וועט וועלען, יענער וועט דא בלייבען.

טאמארע: וועט ער אייך וועלען, הייסט עס?! וועט איהר דא בלייבען?!

רבקה: אפשר, יא. ווער קאן וויסען? נאך זיינע נעכטיגע קוסען נאך...

טאמארע: נאך זיינע נעכטיגע קוסען?!...

רבקה: אודאי האט ער מיך נעכטען געקוסט! נאך ווי נאך!..

טאמארע: אוי, אוי, אוי!

רבקה: און אז ער האט מיך נעכטען געקוסט. רעכען איך, אז ער וועט מיך היינט נישט ארויסטרייבען.

טאמארע: איהר זייט גערעכט. איהר וועט דא בלייבען. איך וועל מיך ארויסקלייבען. (שרייט אויף). אזוי ווייט איז דאס שוין דערגאנגען!

רבקה! און אז איך וואלט געוואלט. וואלט דאס נאך ווייטער דערגאנגען.

טאמארע: אוי, אוי! ארויס. צוינ! ארויס, ~~אשת-אישניצע~~! ארויס פון דאנען!.. אוי, אוי, אוי!.. ניין, בלייבט, בלייבט! איהר זייט דא די בעל הבית'טע, (רייסט זיך דאס האר). איך טאר דא מעהר נישט זיין! איך נעם צו מיין קינד און אנטלויף פון דאנען. אוי, אוי, אוי!

יענקעל (בעוועגט זיך אין טיר און בלייבט שטעהן גאנץ נשתומם).

טאמארע (זעהט נישט יענקלען, כאפט ארויס דאס קינד פון וויגעלע און געהט מיט איהם צום צווייטען צימער). איך טאר דא מעהר נישט זיין! מעה מיר נישט! וועה מיר נישט! (געהט ארייַן אין דאס צווייטע צימער).

יענקעל וואס איז דא אזוינס? וואס האט זי געשריען?

רבקה: איך וויים, אט גארנישט.



יענקעל: וואס'ט זי געזאגט, אז זי טאר דא מעהר נישט זיין? וואס האט זי זיך געריסען דאס האר?

רבקה: איך ווייס, זי איז משוגע, היסטעריקע...

יענקעל (וויל געהן צום צווייטען צימער, דרעהט זיך אום און בעטראכט רבקה'ן).

רבקה (האלט נישט אוים זיין בליק, קנעפט זיך אויף די בלוזע אויף דער ברוסט און פאכעט זיך מיט איהר טאשענטיכעל).

יענקעל (געהט צו איהר צו): איהר האט איהר עפיס געזאגט? וואס האט איהר איהר געזאגט?

רבקה: איך האב איהר גארנישט געזאגט. וואס האב איך איהר געזאלט זאגען? זי האט מיר נאר געזאגט. זי האט מיך אנגערופען צוינ און אשת אישניצע...

יענקעל: וואס האט איהר איהר געזאגט? דאס וויל איך וויסען.

רבקה: וואס ווילט איהר פון מיר? וואס מאכט איהר אזא גזלניש געזיכט? נעכטען, מיין איך, האט איהר נישט געמאכט צו מיר אזא געזיכט.

יענקעל: האט איהר איהר עפים געזאגט וועגען נעכטען?

רבקה: וואס געזאגט? ווען געזאגט? רפאל איז אבגעלעגען א גאנצע נאכט אויפ'ן אויווען — זאל איך אזוי וויסען פון איהם, ווי איך ווייס, ווען און ווי ער האט זיך אהינצו ארויפגעכאפט — און האט געהיט, איהר זאלט חס ושלום נישט פערבלאנזשען צו מיר, כאכאכא...

יענקעל (קרעכצט ווילד אב).

רבקה: האב איך איהם דאך מסתמא פערגעבען אזוי, אז ער וועט האבען צו געדענקען: האט דאס טאמארע נישט געקאנט פערטראגען און אנגעהויבען טרייבען מיך. איז א ווארט פאר א ווארט... וואס איז, איך וועל מיך עפים לאזען רופען מיט אזעלכע נעמען?

יענקעל: האט איהר איהר געזאגט פון נעכטען?

רבקה. און אז געזאגט, איז וואס? קיין ליגען האב איך דאך נישט געזאגט! איך רעכען, אז איהר האט מיך געקוסט, האט איהר געוואוסט, פאר וואס איהר טוט עס. האב איך איהר דאך געמאנט זאגען, זי זאל נישט מאכען אזא קוראזש, מע ווייס נאך נישט, ווער וועט דא זיין די בעל הבית'טע.

יענקעל: דאס האט איהר איהר געזאגט?! דאס האט איהר איהר געזאגט? צוינ! צוינ! ארויס! ארויס!

טאַמאַרע: איין אַנגעטאָנענע. (מיט'ן קינד אויפ'ן אָרם, איילט אַריין אין צימער).

רבקה (כאַפּט זיך פאַר'ן האַרצען, שפּאַרט זיך אָן אָן גלעזערשראַנק און מאַכט זיך היסטעריש).

יענקעל (שטעהט איבער איהר מיט צוגויפגעדריקטע קולאַקעס און שיפּעס שווער). אַרויס! אַרויס!

טאַמאַרע (לעגט אַריין דאָס קינד אין וויעגעל, רעדענדיג, ווי פאַר זיך, עס איז געשעהן, עס איז געשעהן! און איילט צו צו יענקלען. זי שטופּט איהם אָב פון רבקה'ן). זיי נישט אַזוי ווילד.

יענקעל: זאָל זי גלייך אַרויס! נעם עַ אוועק פון מיינע אויגען!...

רפאל (שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין טיר) איז רבקה דאָ?... אוי, וועה איז מיר? וואָס איז איהר? וואָס טוט איהר דאָ מיט איהר? אוי, רבקהניו! וואָס איז דיר? זעה, ווי ער שטעהט מיט די קולאַקעס, אוי, וועה איז מיר! אוי, וואו איז אַ ביסעל וואַסער? געוואַלט, אַ ביסעל וואַסער! (כאַפּט אַ ביסעל וואַסער). אוי, העלפט! העלפט! איך וועל צונויפרופען מענשען... איך וועל צונויפרופען די גאַנצע גאַס! (פערריכט איהר דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ). רבקהניו, וואָס איז דיר? וואָס וויל ער פון דיר?

רבקה (קרעכצט אַרויס): ער האָט מיך געוואָלט... ער האָט מיך געוואָלט...

רפאל: וואָס האָט ער געוואָלט? געוואָלט האָט ער! וואָס האָט ער געוואָלט?

יענקעל: נעמט זי גלייך אַוועק! איך גאַראַנטיר מעהר נישט פאַר זיך.

טאַמאַרע (האַלט איהם צו): בערוהיג דיך דאָך. קום דאָך צו זיך.

יענקעל: נעמט זי אַוועק גיכער! די צוּנג!..

רפאל: איהר זייט אַליין! איך וועל זי שוין אַוועקנעמען! איהר וועט נאָך זעהן! איהר וועט נאָך ביי מיר פערפוילט ווערען אין אָסטראָג! אוי וואָס'ט ער געוואָלט? וואָס'ט ער געוואָלט?

רבקה (קרעכצט אַרויס): ער'ט מיך געוואָלט שלאָגען. נעכטען האָט ער מיך מיט געוואַלט געקוסט, היינט האָט ער מיך געוואָלט שלאָגען.

יענקעל: זאָל זי אַוועק! זאָל זי אַוועק!

רפאל: זי וועט שוין! זי וועט שוין! אשת-איש'ניק! טרייפניאַק! בל-בוינִיק! אַרעסטאַנט! קוסען וועט איהר זי! מיין ווייב וועט איהר קוסען!

יענקעל (ריסט זיך צו איהם).



טאַמאַרע (האַלט איהם): דו שטעה נאָר רוהיג און נעם אָן פאַר גוט, וואָס דו'סט פערדיענט. (צו רפאל'ן). און איהר טראָגט אייך אָבער גלייך אַרויס. אָבער גלייך, הערט איהר!

רפאל: מיר וועלען שוין! מיר וועלען שוין! וואַרט, איהר'ט שוין זעהן! אַזאַ אשת-אישניק! אַזאַ טרייפניאַק, ער'ט שוין, וואַרט! — ווי פיהלסטו דיך, רבקהניו? וועסט'אָך געהן מיט מיר אַ היים? אַ יאָ? שטעל דיר פאָר, איך האָב טאַקע געבראַכט אַ פוהר אויף צו נעמען דיינע זאַכען, העהע... ווי מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט... זעהסט. האַ, די בעסטע זאַך איז אַן איינענע היים און אַן איינענער מאַן... קאָנסטו געהן?... אַזאַ אשת-איש'ניק! אַזאַ טרייפניאַק! אַזאַ רוצח!.. אָבער זעהר רעכט אויף דיר, ביזט אַנטלאָפען פון מיר, איז אָט האָסטו דיר. (זי טרינקט פון דעם וויין, וואָס ער גיט איהר). טרינק נאָך אַ ביסעלע... טרינק נאָך אַ ביסעלע... ווי פיהלסטו דיך? איז דיר לייכטער? קאָנסטו געהן? וועסטו געהן מיט מיר? אַ היים וועסט'אָך געהן? אַ יאָ? העהעהע... אָט קענסטו זעהן, אַז מיר האָבען אַ גאָט אויף דער וועלט, אַז נישט, וואָס יעדער וויל, קאָן ער טון, וואַרט. וועסט זעהן, אויף איהם וועט נאָך אויך קומען אַ מפּלה! אַזאַ רוצח!.. אַזאַ גזלן!... אַז דו וועסט עפּיס אַרויסקומען פון דאַנען בשלום, וועלען מיר פירען דאַרפען גומל בענשען. (ער פיהרט זי צו דער טיר) העהע... אַ היים אַ... רבקה'ניו אַ היים... צוריק צו איהר מאַן... העהעהע... ווי דו קומסט, טוסטו גלייך אָן מלקיניכעס פערל... העהעהע... (געהען אַרויס).

יענקעל (וועלכען טאַמאַרע האָט די גאַנצע צייט צוגעהאַלטען און נישט געלאָזען אַפילו רעדען, קרעכצט טיעף אָב): אַ—אַ—אַ! פּטור געוואָרען! פּטור געוואָרען! (לאָזט זיך קראַפטלאָז אַראָב אויף אַ שטול).

טאַמאַרע (געהט און מאַכט צו די טיר הינטער די אוועקגעגאַנגענע. זי קערט זיך אום און בעטראַכט שאַרף יענקלען).

יענקעל (קאָן איהר נישט קוקען גלייך אין די אויגען – און רעדט קוים אַרויס). און דו... האָסט געוואָלט אַוועקגעהן?

טאַמאַרע: יאָ.

יענקעל: וועה מיר נישט! וועה מיר נישט!

טאַמאַרע: איינענטליך האָב איך געהאַלטען דעם פּלאַן פון אוועקצוגעהן פון דיר פאַר דער קרוסטסטער זאַך פון דער וועלט. דאָס מוז איך דיר זאָגען דעם אמת. אָבער אַז זי האָט מיר דערצעהלט, אַז דו

האָסט זי געקוסט. האָט מיך אָנגעכאַפּט עפּיס אַזאַ עקעל, אַז איך האָב געוואָלט אַנטלויפֿען.

יענקעל: אָבער אַציִנד וועסטו דאָך נישט אַוועקגעהן.

טאַמאַרע: אַציִנד? דאַרף איך מיר גוט איבערלעגען. נעכטען האָסטו זי געקוסט, היינט ביזטו געוועזען אין שיינק.

יענקעל: פֿון וואַנען ווייסטו, אַז איך בין געוועזען אין שיינק?

טאַמאַרע: די מאַמע האָט דיך געזעהן אַרויסגעהן.

יענקעל: האָט זי מיך? זי האָט אָבער נישט געזעהן, וואָס איך האָב געטאָן אין שיינק, צו האָב איך געטרונקען צו נישט. איז אויב דו ווילסט, טיק הער מיך אויס. אָבער צוערשט נעם פֿון דיר אַראָב די גאַס, אָדער נייַן, וואַרט אויס, דו וועסט אַליין זעהן... דו וועסט אַליין... טאַמאַרעניו, ווייסט, וואָס מיט מיר איז היינט געוועזען? דו ביזט'אָך אַ קלוגע און דו האָסט דאָס נישט איינגעזעהן...

טאַמאַרע: מסתמא בין איך נישט גענוג קלוג.

יענקעל: ווען דו וואָלסט געוואוסט, וואָס ביי מיר האָט זיך געטהון אָט דאָ אָ, אַז איך האָב מיך אויסגעשלאָפֿען און אויסגעניכטערט! דו פֿערשטעהסט, איך אַליין האָב געגלויבט, אַז איך בין שוין אין גאַנצען אַ נייער מענש. פֿערשטעהסט, איך אַליין האָב גערעכענט, אַז איך בין שוין איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל אויסגעהיילט געוואָרען פֿון אַלע מיינע צרות, תאוות, פּאַסקודסטוועס און אַלע כוואָראָבעס. און מיט אַמאָל — אויס, אַלץ פֿערשוואונדען, דער אַלטער יענקעל ווידער דאָ. איך האָב מיך געשעמט צו קוקען דיר אין די אויגען. אָט דאָ אָ האָט עס געדריקט ווי מיט צוואַנגען, ווי מיין האַרץ וואָלט געלעגען אויף דער קאָוואַדלע און עמיצער וואָלט זי געקלאַפּט מיט'ן גרויסען האַמער, פֿערשטעהסט?... איך האָב דיך געוואָלט אויפֿוועקען און אויסוויינען זיך פֿאַר דיר — אָט אַזוי אָ האָב איך געפֿיהלט, איך דאַרף דאָך דיר נישט זאָגען. דו ווייסט'אָך אַליין, איך האָב דיך ליעב ווי מיין לעבען...

טאַמאַרע: אַזוי האָב איך אַמאָל געמיינט.

יענקעל: און דאָס מאָגסטו ווייטער אויך וויסען. מאָגסטו מיר דאָס גלויבען... דערפֿאַר האָב איך דאָס מיר גענומען אַזוי צום האַרצען... דו פּאַסקודניק, דו, דו, אויסוואורף, דו!... אַזוי האָב איך מיר אַליין געזאָגט, ווי דו זעהסט מיך לעבען. דו בעל תאוה'ניק, דו, דו טרייפֿניאַק, האָסט זיך שוין ווידער צוזשעט? און איך האָב געוואָלט מיך אויסוויינען פֿאַר דיר און בעטען ביי דיר מחילה, אָבער דאָ האָט מיר געזאָגט



מיין האַרץ, אַז וואָס... אַז וואָס וועל איך וויינען און בעטען מחילה, אַז איך מוז שוין בלייבען אַ מיידעלניק און אַ בעל תאוה'ניק. און ווייסט, איך האָב היינט געדאַוונט מיט אַזאַ האַרץ און מיט אַזאַ כונה, ווי נאָך קיין יום כפור נישט אַפילו. איך האָב עפּיס געוואָלט, אַז גאָט זאָל מיר העלפֿען. ווי דו זעהסט מיך לעבען. און בין אַוועק אַרבייטען אין דער קוזשנע. חייל אַז איך אַרבייט, טראַכט זיך מיר בעסער. און איך האָב געאַרבייט און גערעדט צו זיך אַליין. ווי דו זעהסט מיך לעבען. איך האָב געוואָלט עפּיס אין מיר אַליין קלאָר ווערען... דו פֿערשטעהסט'אָך...

טאַמאַרע: פֿאַר וואָס האָסטו מיר דאָס פֿריִער, ביים טיי, נישט דערצעהלט? (נעמט פֿון זיך אַראָב דאָס היטעלע, געהט צום וויגעלע און הענט אָן בעפֿרייען דאָס קינד פֿון זיינע גאַסיגע זאַכען, וואָס זי האָט אויף איהם אָנגעטאָן).

יענקעל: אָט דאָס איז דאָך. איך האָב געוואָלט אַליין אין מיר קלאָר ווערען. בין איך אַ אויסוואָרף און וועל איך בלייבען אַן אויסוואָרף אָדער איך ווייס. מאַלע וואָס'ט זיך געמאַכט, דו פֿערשטעהסט?

טאַמאַרע (צוגעהענדיג צו איהם): און אַז דו וואָלסט דאָס מיר פֿריִער דערצעהלט, וואָלט איך דיר געזאָגט: יענקעל, נאַ דיר מיין האַנט, אַז דו ביזט אַ כשר'ער איד.

יענקעל (שרייט אויס ווי בעפֿרייט, אָנכאַפּענדיג איהר האַנד): אַך! (העבט אָן אַרומצוגעהן איבער'ן שטוב שטאַרק אויפֿגערעגט און אויפֿגעלעבט און שטאַרק וואַרפֿענדיג מיט די הענד). אָבער איך האָב דאָס געוואָלט אין מיר אַליין. און ווייסט, איך האָב בעקומען דאָס געפֿיהל, אַז גאָרנישט... גאָרנישט ווערט פֿון מיר זיין. און עס האָט אָנגעהויבען רעדען אין מיר דער אַלטער יענקעל, דער שיכור און הולטיי. און ווייסטו, אַז דו האָסט מיר אונטערגעטראָגען די באַק אַ קוש צו טון, האָב איך דערפֿיהלט, אַז איך וועל מיך איינשיכורען פֿאַר האַרצוועהטאָג, אַז איך מוז מיך איינשיכורען, ווי געפֿעלט עס דיר, האַ?

טאַמאַרע: ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז מיין באַק קאָן אַרויסרופֿען אַזעלכע געפֿיהלען...

יענקעל: און איך בין אַוועק אין שיינק, דו הערסט? איך בין אַוועק אין שיינק, האָב מיר געהייסען דערלאַנגען אַ סאָראָקאָוואָוסקע, האָב אָנגענאָסען אַ גלעזעל, און... און... און אַז איך האָב געוואָלט צוטראָגען צום מויל, האָב איך צוריק אַוועקגעשטעלט דאָס גלעזעל און בין אַוועק פֿון שיינק. האַ? ווי?

טאמארע (אנגעמענדיג איהם פאר ביידע באקען, ענטציקט): דאס האסטו?! דאס האסטו ווירקליך?!

יענקעל: ווי דו זעהסט מיך לעבען, אז איך זאג דיר קיין ליגען נישט. וועסט קאנען נאכפרעגען ביי חייקען.

טאמארע: איך גלויב דיר דאך, יענקעלע, איך גלויב דיר מעהר ווי אלע חייקעס. (זי נעמט איהם ארום און דריקט זיך צו איהם שטארק צו).

יענקעל: ניין, דו הער נאר ווייטער, פון שיינק בין איך אוועק בארען זיך, עפיס אפפרישען זיך און קאנען אלץ בעסער בעטראכטען.

טאמארע: זעה, ערשט זעה איך טאקע, אז דו האסט נאסע האר און דיין געזיכט שיינט גאר.

יענקעל: און דארטין איז מיר א מאמענט איינגעפאלען, אז איך דארף מיך גאר דערטרינקען.

טאמארע (דערשראקען): וועה מיר נישט!

יענקעל: ניין, הערסט'אך, א מאמענט נאר. אז איך האב דאס א טראכט געטאן, האב איך מיך שטארק פערביינקט נאך דיר און נאך אונזער זוהגעניו, און ס'האט מיר אזוי פערכאפט ביים הארצען. אז איך בין אויף גיך ארויס פון וואסער, אויף גיך זיך אנגעטאן און געלאפען א היים.

טאמארע (אומארמט איהם): און אצינד ביזטו דא! (קוסט איהם אויפ'ן מויל). מיינער! מיינער! מיינער!

(פון קוזשנע דערהערט זיך א שטילער געזאנג פון איין אנגענעהמער בע-נער שטימע).

יענקעל: העהע... איז אט ווייסטו אלץ. איז א צינד וואס קלערסטו וועגען מיר?

טאמארע: דאס בעסטע און דאס שענסטע.

יענקעל: דאס בע...?

טאמארע: דאס בעסטע און דאס שענסטע, אז אזא מאן ווי מיינער איז גאר א זעלטענהייט.

יענקעל: דאס מיינסטו ווירקליך? דו לאכסט נישט?

טאמארע: דאס קאן איך איבערחזרן פאר גאט און פאר לייט.

יענקעל: מיינסטו נישט, אז מיט מיר קאן זיך עס ווייטער איבערהזר'ן? אט דאס... אט דו ווייסט'אך...

טאמארע: ניין, ניין, ניין!

יענקעל: דאס האמערט מיר אין מח. איך האב מורא. מיט א



חדש צוריק האב איך לגמרי נישט מורא געהאט, און א צינד האב איך מורא. דער שד זאל מיך וויסען. ווייסט, מיר וועלען מעהר קיין שכנות נישט אריינגעמען.

טאמארע: נארישקייט, נארישקייט! רעד נישט אזוי, טראכט נישט אזוי. שלאג דיר אלץ ארויס פון קאפ.

יענקעל: ווייסט, איך וועל אלע טאג אזוי דאווענען, ווי איך האב היינט געדאווענט, און וועל נאך אלע טאג אבזאגען פופציג — דרייסיג קאפיטלעך תהלים.

טאמארע: אדער מיט מיר מעהר זיצען, אז דו'סט האבען פרייע צייט, צוזאמען פערברענגען מיט מיר און אונזער זוהגעניו...

יענקעל: דאס א ודאי! דאס א ודאי! (דער געזאנג ווערט איבערגעריסען).

שטימע פון קוזשנע: רב יענקעל, אויף גיך, קומט שוין ארויס ארבייטען! די ארבייט ווארט! (דער געזאנג הייבט וויעדער אן).

יענקעל: איך קום גלייך! (פערקאסערט די ארבעל). אזוי א...אך, וועל איך יעצט ארבייטען! פון היינט אן און ווייטער, ארבייטען! ארבייטען! (כאפט זי ארום און שעפטשעט ארויס ווי א סוד). און דיך ליעבען — שטארק ליעבען!

טאמארע (ענטציקט אין זיינע ארמס): יא, ליעבען, שטארק ליעבען! (דער געזאנג ווערט הארציגער. פארהאנג פאלט לאנגזאם).



